56

220

דושעמס טאָרנטאָן.

# צום העכסטן שפּיץ פון דער וועלט!

## (אַ רייזע אויפן עווערעסט-באַרג)

(מיט בילדער)

פאַרלאַג „גראָשן-ביבליאָטעק"

1933 וואַרשע

נישטאָ כמעט קיין איין ווינקעלע אויף דער ערד, וואו דער פאָרשנדיקער מענטשלעכער גייסט זאָל נישט האָבן דערגרייכט. אין די טיפע טראָפּישע דזשונגלען, אין די אייז-מדבריות פון דעם צפון-און-דרום-פּאָל, אין די הויכקייטן פון דער סטראַטאָספערע און אין די טיפענישן פון די אָקעאַנען — אומעטום האָט דערגרייכט דער מענטש, אומעטום האָט באַטראָטן זיין פוס דער אַלץ-זוכנדיקער מענטשלעכער מין.

בלויז איין פונקט אויפן ערד-קוגל געפינט זיך נאָך אין זיין יונגפרוילעכן צושטאַנד, ווייל נאָך קיינמאָל האָט דאָרט נישט דערגרייכט דער מענטשלעכער פוס. איין ווינקעלע אויף דער ערד איז נאָך פאַראַן, וואָס קאָן וועגן זיך זאָגן מיט אַן אמתן שטאָלץ:

— דער אַלץ-דערגרייכנדיקער מענטש האָט נאָך צו מיר נישט דערגרייכט, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט געבּרענגט אַזויפיל קרבנות, כדי מיך צו באַזיגן.

אין דעם לאַנד טיבעט, אין דעם לאַנד פון דאַלאַי-לאַמאַ און אויסגעדאַרטע אַסקעטן ציען זיך אויף אַ שטח פון 2500 קילאָמעטער ריזיק הויכע בערג, די העכסטע בערג אויף דער וועלט — די הימאַלאַיען. די טיבעטאַנער האָבן אַ נאָמען געגעבן זייערע בערג „הימאַלאַיען" דערפאַר, ווייל כמעט די גרעסטע טייל שפּיצן פון די דאָזיקע בערג זענען באַדעקט מיט אייביקן שניי. אויף דער שפּראַך פון די איינ-

וואוינער פון טיבעט באַדייט הים־שניי און אַלאַיאַ־פּאָטער־לאַנד. די הימאַלאַיען זענען טאַקע דאָס פּאָטערלאַנד פון שניי. איי־ביק זילבערט זיך אויף די דאָזיקע הויכע בערג־שפּיצן דער יונגפרוילעך ווייסער שניי, וועלכן קיין מענטשלעכער פוס האָט נאָך קיינמאָל נישט באַטראָטן.

און דער העכסטער באַרג־שפּיץ פון די הימאַלאַיען איז דער מאָונט־עווערעסט, אָדער ווי די איינוואוינער פון טיבעט רופן אים — טשאָמאָלונגמאַ. דער עווערעסט איז גלייכצייטיק דער העכסטער פונקט אויף אונזער ערד און האַלט 8887 מעטער די הויך. ער איז אייביק איינגעהילט אין אַ ווייסן טלית פון שניי און האַלט שטאָלץ פאַרריסן זיין מעכטיקן קאָפּ צו די הימלען, קוקנדיק מיט בטול אויף די מענטשן, וועלכע באַמיען זיך אומזיסט צו דערגרייכן זיין שפּיץ.

אַן אומבארחמנותדיקן קאַמף, אַ קאַמף אויף לעבן און טויט,' האָט דערקלערט דער מענטשלעכער גייסט דעם דאָ־זיקן ריז פון די הימאַלאַיען־בערג, דעם מאָונט־עווערעסט. דערווייל גייט אין דעם דאָזיקן קאַמף אַרויס אַלס זיגער דער גרעסטער באַרג־ריז אין דער וועלט, דערווייל באַצאָלט דער מענטש זער טייער פאַר זיין ווילן דערגרייכן צו דעם שפּיץ פון דעם מיט אייביקן שניי באַדעקטן עווערעסט. רויק און מאַיעסטעטיש, מיט דער זילבער־קרוין אויפן קאָפּ קוקט אַרום זיך דער מאָונט־עווערעסט און לאַכט זיך אויס פון דער געוואַלדיקער מענטשלעכער אָנשטרענגונג, פון זיי צענ־דליקער קרבנות, וואָס זענען באַגראָבן געוואָרן אין זיינע אייביקע שנייען.

— מיך וועט מען קיינמאָל נישט באַזיגן! — הויבט ער שטאָלץ איבער אַלע באַרג־שפּיצן פון דער וועלט זיין מעכ־

טיקן קאָפּ, — איך שנייד זיך דאָך איין מיט מיין ווייסן קאַרק אין די הימלען.

וועט דער מענטשלעכער גייסט טאַקע דעם עווערעסט נישט באַזיגן? דאָס וועט באַווייזן די צוקונפט און, אפשר, די נאָענטסטע צוקונפט, ווייל אומאויפהערלעך גייט אָן דער קאַמף מיט דעם העכסטן באַרג-שפּיץ פון דער וועלט. דער מענטשלעכער גייסט איז איינגעשפּאַרט, ער וויל זיך נישט אונטערגעבן און גלויבט, אַז ער וועט נאָך באַטרעטן דעם מעכטיקן קאַרק פון דעם הימאַלאַיען-ריז. ניין, דער מענטש וויל דעם דאָזיקן קאַמף נישט אויפגעבן!

וועגן אָט דעם קאַמף ווילן מיר דערציילן דעם לע-זער. אַ קאַמף, וועלכער איז רייך מיט אַ ריי אָטעם-פאַר-כאַפּנדיקע און דראַמאַטישע מאָמענטן. מיט דער גרעסטער נייגעריקייט שפּירן מיר נאָך די איבערמענטשלעכע אָנשטרענ-גונגען פון די אָנטיילנעמער אין די עקספּעדיציעס צום מאָנט-עווערעסט און באַוואונדערן זייער העלדנמוט און דרייסט-קייט, זייער אומדערשראָקנקייט פּנים אל פּנים מיטן טויט.

און אַפילו די, וואָס פאַלן, זענען זיגער. זיי, די גע-פאַלענע, בילדן די לייטער, אויף וועלכע דער שטאָלצער מענטשלעכער גייסט וועט סוף כל סוף אַרויפשטייגן אויף דעם העכסטן פּונקט פון דער וועלט! אויפן שפּיץ פון מאָונט-עווערעסט וועט נאָך שטיין דער מענטשלעכער פוס.

# מען גרייט זיך דעראָבערן
# דעם העכסטן פּונקט אין דער וועלט

אין אַ ווינטער-אָוונט פון אָנהויב יאָר 1920 זענען אין אַ לאָנדאָנער קאַפע געזעסן די באַרימטע ענגלישע אַלפּיניסטן (בערג-קלעטערער) ברעס, קילאָס און ראַולינג און געפירט צווישן זיך אַ לעבהאַפטן שמועס. וועגן וואָס שמועסן אייגנט-לעך אַלפּיניסטן? וועגן בערג, וועגן פאַרשידענע פאָרפאַלן אין די בערג און וועגן נייע נסיעות אין די געגנטן פון די בערג.

– מיין גרעסטער נצחון אין לעבן וואָלט געווען, ווען איך וואָלט אַרויפגעשטעלט כאָטש איין פוס מיינעם אויפן מאָונט עווערעסט, – האָט דערקלערט ראַולינג.

– כאָטש איין פוס, זאָגסטו? – האָט געשמייכלט קי-לאַס, – איך וואָלט כאָטש געוואָלט מיט איין פינגער זיך אָנרירן אָן דעם ווייסן קאַרק פון דעם גיגאַנט, אָבער איך צווייפל, צי דאָס וועט זיך לאָזן מאַכן. קנאַפּע ניין קילאָ-מעטער אין דער הויך – דאָס איז נישט פאַרן מענטשלעכן כח. מיט וואָס וועסטו דאָרטן עטעמען? די לופט איז דאָרט אַזוי שיטער, אַז במשך פון עטלעכע צענדליק מינוט מוז מען דערשטיקט ווערן. שוין אָפּגערעדט פון דער קעלט, וואָס הערשט דאָרט. פּופּציק גראַד פראָסט איז אַ שפּילעכל. אונ-טער דיר מיט עטלעכע קילאָמעטער נידעריקער בליצן פעל-דער און די זון וואַרעמט און אויפן שפּיץ פון עווערעסט איז אַ מוראדיקער פראָסט! עס גייט אַדורך אַ שוידער אין די ביינער, ווען דו דערמאָנסט זיך דערין.

– און פונדעסטוועגן זאָג איך אייך, אַז איך וואָלט אויף קיין שום געפאַרן נישט געקוקט און זיך געלאָזט מיט

אַן עקספּעדיציע צום העכסטן אָרט פון דער ערד. דאָס איז מער, ווי באַטרעטן אַ צפון-פּאָל. פאַרשטייט — אַרויפשטייגן אויפן העכסטן שפּיץ פון דער וועלט! עס דרייט זיך אַזש אין קאָפּ, ווען דו גיסט אַ טראַכט: אַ מענטש שטייט אויף דעם העכסטן אָרט פון דער וועלט און כאַפּט אַרום מיט זיין בליק די אומענדלעכקייט, שפּאַרט אָן מיט זיין קאָפּ אין די הימלען! איך פייף אויף אַלע געפאַרן. דאָס קלעטערן צום שפּיץ פון מאָונט-עווערעסט וואָלט מיך אָנגעפילט מיט אַזויפיל שטאָלץ און פרייד, אַז איך וואָלט גלייכגילטיק געקוקט דעם טויט אין די אויגן אַריין.

— דו וואָלסט גרייט געווען אָנטיילצונעמען אין אַזאַ געפערלעכער עקספּעדיציע? — האָבן ביידע חברים געפרעגט.

— ניט בלויז איך וואָלט גרייט געווען; נאָר איך וואָלט זיך געפילט גליקלעך, ווען איך קאָן אָנטיילנעמען אין אַזאַ נסיעה, — האָט בּרעס געענטפערט.

— דו האָסט מיך שוין אויך באַלד אָנגעשטעקט מיט דיין ענטוזיאַזם, — האָט ראַולינג באַמערקט.

— מען דאַרף טאַקע בייקומען דעם הימאַלאַיען-ריז, — האָט קילאַס געזאָגט, פאַרטראַכטנדיק זיך אַ ווייל, — איך פאַרשטיי דיך, בּרעס, אָבער דערמאָן זיך, וואָס פאַר אַ געוואַלדיקע אָנשטרענגונג דאָס דאַרף קאָסטן. ווער ווייסט, צי מען קומט צוריק אַ לעבעדיקער. וויפל קרבנות האָט שוין איינגעשלונגען דער דאָזיקער ריז! דער מאָונט-עווערעסט איז אומברחמנותדיק.

— הם, — האָט בּרעס זיך צעשמייכלט, — ווען עס וואָלט ניט געדראָט דער טויט — וואָס פאַר אַ נצחון וואָלט מען דען געקאָנט דאָ אָפּהאַלטן?... חברים, איך הויב אָן צו

אָרגאַניזירן אַן עקספּעדיציע צום עווערעסט-שפּיץ. איר זענט גרייט אָנטיילצונעמען?

— סוף כּל טוף קאָנען זיך אַלפּיניסטן פון אַזאַ פּאַר-געניגן נישט אָפּזאָגן, — האָט ראַולינג געענטפערט, — בערג פאַרמאָגן דעם כּישוף, וואָס זיי לאָקן דיך גראָד דאַמאָלס, ווען עס דראָט דיר די גרעסטע געפאַר. דו ווייסט דאָך דערפון, ברעס. איך שליס זיך אָן. מען וועט קלעטערן!

— און דו, קילאַס? — האָט ברעס געפרעגט.

— איך וואָלט געדאַרפט זיין אַ פּחדן, כּדי זיך אָפּצו-זאָגן פון אַזאַ עקספּעדיציע, — האָט קילאַס געענטפערט, — דו ווייסט דאָך, ברעס, אַז נישט איינמאָל האָב איך געזען אין די בערג דעם טויט פאַר די אויגן. מיר פאָרן שטורמען דעם מאָונט עווערעסט, אַזוי איז עס! איך פאָר אויך.

אַלע דריי חברים האָבן זיך געקלאַפּט מיט די גלעזלעך וויסקי און געטרונקען לכּבוד דער עקספּעדיציע צום מאָונט עווערעסט. און באַלד צומאָרגנס זענען אַלע דריי ווידער זיך צונויפגעקומען און אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן אַ גענויעם פּלאַן, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די דאָזיקע זער שווערע אונטערנעמונג.

אָרגאַניזירן אַזאַ עקספּעדיציע, אַן עקספּעדיציע, וואָס שטעלט זיך פאַר אַן אויפגאַבע צו דעראָבערן דעם העכסטן פונקט אויף דער וועלט, — איז נישט פון די לייכטע זאַכן. חוץ די גרויסע געלט-אויסגאַבן איז דאָ נויטיק געווען אַ גענויער שטודיום פון דער גאַנצער געגנט אַרום באַרג, פון יעדן באַזונדערן עטאַפּ, וואָס פירט צום סאַמע שפּיץ. עס האָבן דאָ געדאַרפט מיטאַרבעטן אַ גאַנצער שטאַב גע-לערנטע, פאַכלייט, מ'האָט געדאַרפט שטעלן אין רשות פון דער עקספּעדיציע אַ געוויסע צאָל איינגעבוירענע, וועלכע

האַלטן גוט אויס דעם שאַרפן קלימאַט פון די הימאַלאַיען-בערג. די צוגרייטונגען האָבן געדאַרפט געמאַכט ווערן אויס-גערעכנט און גענוי אין יעדן פרט. דאָס אַלץ האָט זעלבסט-פאַרשטענדלעך געפאָדערט אַ סך צייט און געדולד.

ברעס, ראַולינג און קילאַס האָבן זיך געווענדט צו דער לאָנדאָנער געאָגראַפישער געזעלשאַפט וועגן אָרגאַניזירן די גאַנצע עקספעדיציע, ווייל זיי אַליין זענען נישט בכח געווען דאָס צו טון. די געאָגראַפישע געזעלשאַפט האָט מיט צופרידנהייט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג און דעם פּלאַן פון די דריי אַלפּיניסטן און צוגעטראָטן צו פאַרווירקלעכן די גרויסע אונטערנעמונג. די ענגלישע רעגירונג האָט צוגעזאָגט צו פינאַנסירן די עקספעדיציע און האָט אויך אָנגענומען גע-וויסע דיפּלאָמאַטישע שריט אין טיבעט, אַז אַלע אָנטיילנע-מער פון דער עקספעדיציע זאָל געגעבן ווערן פולשטענדי-קע פרייהייט אין זייערע באַוועגונגען. דער ענגלישער באָט-שאַפטער אין להאַסאַ, אין דער רעזידענץ-שטאָט פון דאַ-לאַי-לאַמאַ, האָט זיך געווענדעט צום טיבעטאַנישן הערשער מיט אַ בקשה, אַז די פרומע לאַמאַס (טיבעטאַנישע גלחים) זאָלן נישט מאַכן קיין שום שוועריקייטן די אייראָפּעער. די פרומע לאַמאַס גלויבן, אַז מ'טאָר נישט שטערן „די גייסטער פון די בערג", ווייל זיי, די „בערג-גייסטער קאָנען זיך אומ-ברחמנותדיק נוקם זיין אָן די מענטשן". די לאַמאַס וואָלטן דעריבער געשטערט די אָנטיילנעמער פון דער עקספעדיציע צו קלעטערן אין די העכערע ערטער. מען האָט זיך דערי-בער פריער געדאַרפט באַוואָרענען, אַז אַזאַ זאַך זאָל נישט געשען.

דער דאַלאַי-לאַמאַ האָט דערלויבט, אַז די עקספעדיציע זאָל אָריינדרינגען אין האַרץ פון די הימאַלאַיען-בערג, צום

וווערעסט. ער האָט נאָר געבעטן, אַז מען זאָל „נישט שטערן די רו פון די בערג-גייסטער מיט הויכע געזאַנגען און נבול-פה"... דער ענגלישער באַטשאַפטער האָט עס אים פייערלעך צוגעזאָגט.

ביי דער צוגרייטונג צו דער עקספּעדיציע האָבן איצט געאַרבעט אויסער די דריי אונז שוין באַקאַנטע באַרג-קלע-טערער אויך דער גאַנצער פּערסאָנאַל פון דער לאָנדאָנער געאָגראַפישער געזעלשאַפט, נאַטור-פאָרשער, געאָלאָגן און פאַרשידענע אַנדערע געלערנטע. מ'האָט צוגעגרייט פאַרשי-דענע מכשירים און אַלע נויטיקע זאַכן, ווי אייזערנע שטריק, העק, שטעקנס מיט שפּיצן, לייטערס, פלעשער מיט זויער-שטאָף, כדי צו האָבן אינדערהויך מיט וואָס צו אָטעמען און פוטערנע זעק צום שלאָפן. ביי פּופּציק, זעכציק גראַד איז נישטאָ קיין אַנדער ברירה, ווי אַריינרוקן זיך אין אַ פוּ-טערנעם זאַק, אין קעגנפאַל קאָן מען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שטיק אייז.

די צוגרייטונגען צו דער עקספּעדיציע האָבן געדויערט אַ יאָר מיט דריי חדשים. ווען אַלץ איז שוין געווען פאַר-טיק, איז דער ערשטער אַרויסגעפאָרן קיין טיבעט דער באַ-קאַנטער ענגלישער באַרג-קלעטערער פּולקאָווניק האָוואַרד בע-רי, וועלכער האָט אויפן אָרט געדאַרפט מאַכן די געהעריקע צוגרייטונגען, ווי דינגען אַ צוויי צענדליק טיבעטאַנער, וועל-כע זאָלן טראָגן די מכשירים און פאַרשידענע אַנדערע זאַכן, אויסשפּירן די וועטערן א.ד.גל.

דאָס אָרט, וואו אַלע האָבן זיך געדאַרפט טרעפן, איז געלעגן ביי די פוס-טריט פון די הימאַלאַיען-ריזן, אין דעם באַקאַנטן אָפּרו-אָרט פון די ענגלישע באַאַמטע אין אינדיען, אין דעם שטעטל ד א ר ד ז ש י ל י נ ג. פון דאָרטן האָבן זיך

אויפגעהויבן די מעכטיקע שפּיצן פון די הימאַלאַיען־בערג, שאַפנדיק אַ וואונדערבאַר־הערלעכע פּאַנאָראַמע. ווי ווייט דאָס אויג האָט געקאָנט דערגרייכן, האָט מען געזען אַ לאַנגע קייט פון בערג, באַדעקט מיט ווייסע, בלאַנקנדיקע שניי־קרוינען.

אין פרילינג 1921 האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען קיין דאַרדזשילינג אַלע אָנטיילנעמער פון דער עקספּעדיציע, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע פראַנצויזן און צוויי טשעכן. דער אינטערעס צו דער דאָזיקער גראַנדיעזער אונטערנעמונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז עטלעכע איינפלוס־רייכע אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע צייטונגען האָבן אַרויסגעשיקט ספּעציעלע קאָרעספּאָנדענטן קיין דאַרדזשילינג, כּדי מיטצומאַכן כאָטש טיילווייז די נסיעה צום מאָונט־עווע־רעסט.

דער פאָרזיצער פון דער לאָנדאָנער געאָגראַפישער געזעלשאַפט האָט געבעטן ביי אַלע אָנטיילנעמער פון דער עקספּעדיציע אַ קלייניקייט.

— איך וואָלט שטאַרק געוואָלט, — האָט ער דער־קלערט, אַז דער ערשטער, וואָס וועט אַרויפשטעלן דעם פוס אויפן שפּיץ פון מאָונט עווערעסט זאָל זיין... אַן ענגלענ־דער. זאָלן מיר מוחל זיין די אָנטיילנעמער, וועלכע זענען נישט קיין ענגלענדער. זיי דאַרפן מיך פאַרשטיין. איך בין אַ פּאַטריאָט און וואָלט געוואָלט, אַז אין דער געשיכטע זאָל ווערן פאַרשריבן, אַז דער ערשטער מענטש, וואָס האָט אַרויפגעשטעלט זיין פוס אויף דעם העכסטן פונקט פון דער וועלט, זאָל זיין אַן ענגלענדער...

מ׳האָט דעם פּאַטריאָטישן פאָרזיצער געגעבן אַ צוזאָג, אַז ס׳וועט זיין, אַזוי ווי ער ווינטשט זיך. דערביי האָט קי־

לאָס געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז דערווייל איז נאָך דער בער אין וואַלד, דעריבער איז איבעריק שוין צו רעדן צו ווע־מען עס געהערט די פעל...

אַלס פירער פון דער עקספעדיציע איז באַשטימט גע־וואָרן דער פּולקאָווניק בערי, וועלכער האָט אויסגעצייכנט געקענט די הימאַלאַיען־בערג. חוץ די דריי אונז שוין־באַ־קאַנטע אַלפּיניסטן, קילאַס, ברעס און ראַולינג, וועלכע זע־נען געווען די פּאַקטישע איניציאַטאָרן פון דער גאַנצער עקספּעדיציע, האָבן אויך אָנטיילגענומען נאָך אַ ריי באַקאַנ־טע בערג־קלעטערער, דאָקטוירים, געלערנטע, זשורנאַליסטן און צוויי מיליטער־לייט.

אין דאַרדזשילינג,ביים אויסגאַנגס־פּונקט צו די הימאַ־לאַיען ריזן, האָט די עקספּעדיציע פאַרלייגט איר ערשטן זאַמלפּונקט. דער פּולקאָווניק בערי האָט געדונגען פערציק טיבעטאַנער טרעגער, וועלכע זענען געווען אויסגעפּרוווטע בערג־קלעטערער, פיר קוכאַרעס און צוויי איינגעבוירענע, וועלכע קענען ענגליש, אַלס איבערזעצער, כדי זיך צו קאָ־נען פאַרשטענדיקן מיט די רעשט טיבעטאַנער.

דעם 15־טן מאַי 1921 איז שוין אַלץ געווען פאַרטיק צו דעם דרייסטן אַרויפשטייג. ס׳איז נישט געווען קיין ווייטע נסיעה, וואו מען דאַרף אַדורכמאַכן טויזנטער קילאָמע־טער. עס האָט זיך געהאַנדלט סך־הכל וועגן אַ צוויי־הונדערט קילאָמעטער ווייט. אין דאַרדזשילינג האָבן שפּאַצירט עלע־גאַנטע דאַמען, די מוזיק האָט געשפּילט און דאָס לעבן האָט גערוישט מיט אַן אמת גרויסשטעטישן פּאַרנעם. און סך־הכל ביט אַ צוואַנציק, דרייסיק קילאָמעטער ווייטער און אַכט קי־לאָמעטער העכער איז שוין געלעגן אייביקער שניי, איז שוין געווען אַבסאָלוטע פּוסטקייט און וויסטקייט און קיין שום

ציכן פון לעבן האָט מען דאָרט נישט אָנגעזען. דורכצומאַכן אָט די דאָזיקע אַכט קילאָמעטער אין דער הויך איז געווען פיל געפערלעכער און שווערער, ווי אַדורכצומאַכן אַ רייזע צום צפון-פאָל.

דעם 18-טן מאַי האָט די עקספּעדיציע, וועלכע איז באַשטאַנען פון 64 מענטשן, אַרויסמאַרשירט פון דאַרדזשי-לינג. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער געפערלעכער און שווע-רער וועג.

## דער ערשטער קרבן

לאָמיר אַ ווײַלע לאָזן אונזער עקספּעדיציע וואַנדערן און קלעטערן און געבן דערווייל אַ שטיקל באַשרײַבונג פון די הימאַלאַיען-בערג. מיר מוזן קענען די דאָזיקע בערג מיט זייער ספּעציפישער נאַטור, כדי צו פאַרשטיין אויף וואָס פאַר אַ שרעקלעכע געפאַרן עס זענען געווען אויסגעשטעלט די דרייסטע מענטשן, וואָס האָבן זיך געגרייט צו דעראָבערן דעם אומבאַזיגבאַרן עווערעסט.

דעם נאָמען עווערעסט האָט דער דאָזיקער העכסטער באַרג אין דער וועלט באַקומען לויט דעם נאָמען פון באַ-קאַנטן ענגלישן געאָלאָג דזשאָרדזש עווערעסט, וועלכער האָט אין יאָר 1857 דער ערשטער פעסטגעשטעלט לויט טעאָרע-טישע אויסרעכענונגען די הויכקייט פון דעם העכסטן פון די הימאַלאַיען-ריזן.

ווי מיר האָבן שוין איבערגעגעבן ציען זיך די הימאַ-לאַיען-בערג אויף אַ שטח פון 2500 קילאָמעטער די לענג. 12 בערג-שפּיצן זענען העכער פון 8000 מעטער און 35 בערג דערגרייכן אַ הויכקייט פון איבער 7500 מעטער. דער

העכסטער בארג אין אייראָפּע, אין די אַלפּן, דער מאָן-בלאַן, האַלט סך-הכל 4800 מעטער די הויך. אויף זיין שפּיץ איז אייביקער שניי און עס קומט אָן געוואַלדיק שווער אַרויס-צוקלעטערן אויפן שפּיץ פון דעם דאָזיקן אַלפּן-ריז. צענדלי-קער מענטשן האָבן שוין דערפאַר מיט זייער לעבן באַצאָלט. אָבער קעגן די הימאַלאַיען-בערג, ספּעציעל קעגן דעם מאָונט-עווערעסט, איז דער מאָן-בלאַן אַ קאַרליק. שוין בלויז אָט דער דאָזיקער פאַרגלייך קאָן אונז געבן אַ באַגריף וועגן דער געוואַלדיקער הויכקייט פון דעם דאָזיקן קעניג פון די בערג.

יעדער אומפאָרזיכטיקער טריט אין די דאָזיקע בערג, דראָט מיטן טויט. פון אומעטום הענגען אַראָפּ ריזיקע שטי-קער אייז, וועלכע רייסן זיך פון צייט אָפּ און פאַלן אַראָפּ אין אַ תהום פון פיר טויזנט מעטער. ווען אויף אַ גרופּע מענטשן, וואָס קלעטערן אין די בערג, פאַלט אַראָפּ אַזאַ שטיק אייז, איז זייער גורל אַ געחתמעטער. זייערע ביינער וועלן ליגן צעשמעטערטע און צעפּיצלטע אין אַ טיפן, פיר טויזנט מעטערדיקן אָפּגרונט. אַלע ווייזלע דראָט, אַז אַ שניי-לאַווינע זאָל זיך מיט אַ מעכטיקן אימפּעט אַראָפּלאָזן און מיטשלעפּן אַלץ, וואָס זי טרעפט אָן אויפן וועג. זי קאָן מיט איינמאָל אַראָפּשלעפּן אין אָפּגרונט די גאַנצע עקספּע-דיציע און הונדערט, צי צוויי הונדערט מענטשן קאָנען גע-פינען זייער קבר אין די טיפעניש פון די אָפּגרונטן.

דאָס בלויזע קלעטערן גופא איז פאַרבונדן מיט גע-וואַלדיקע שוועריקייטן. אַלע ווייל זינקען די פיס ביז אי-בער די קניען אין שניי און ביים אַרויסשלעפּן אַ פוס קאָן מען זיך לייכט אַראָפּגליטשן און דערהרגעט ווערן. יעדער טריט, וואָס מען שטעלט, יעדער דורכגעמאַכטער מעטער איז

אַ דערגרייכונג. יעדער מעטער העכער איז פאַרבונדן מיט די איבערמענטשלעכסטע אָנשטרענגונגען.

וואָס העכער מען שטייגט, אַלץ שווערער קומט אָן דער אָטעם. דער לופט-דרוק ווערט לייכטער און צוליב דעם דערפילט זיך דער קלעטערער שרעקלעך שלעכט. עס הייבן זיך אָן צו באַווייזן די ערשטע סמנים פון דער באַרג-קראַנקייט: דער קאָפּ הייבט אָן ווײ צו טון, מען פילט אַ געוואַלדיקע מידיקייט, אַפּאַטיע, די שטימונג איז אַ נידערגעשלאָגענע און די אויגן מאַכן זיך צו. קומט מען אַביסל העכער, אויף אַ הויך פון 7000 מעטער, שפריצט אַרויס בלוט פון די אויערן, פון די אויגן און פון מויל און אַ שווייס פון בלוט קומט אַרויס אויף דער הויט. צוליב דעם, וואָס דער אַרומיקער לופט-דרוק איז אַ שוואַכער, שפאַרט דאָס בלוט אַרויס אין דרויסן.

מען דאַרף פאַרמאָגן שטאָלערנע נערוון און אַ קאָלאָסאַלע ווילנס-קראַפט, כדי אויסצוהאַלטן די דאָזיקע שרעקלעכע באַדינגונגען אין די הימאַלאַיען-בערג.

אָבער די אַלע שוועריקייטן זענען אַ קינדערשפּיל קעגן דער סטיכיע פון מאָנסום-ווינט, וואָס צעשפילט זיך פון צייט צו צייט מיט אַ ווילדער, אומגעצוימטער קראַפט אין די הימאַלאַיען. קומט אָן דער מאָנסום-ווינט, דאַן איז דער באַרג-קלעטערער אין דער גרעסטער געפאַר. דער מאָנסום-ווינט רייסט די מאַסיווע בערג-שפיצן און עס דוכט זיך, ווי ביידע, ווינט און באַרג, וואָלטן געקעמפט אויף לעבן און טויט. דאַמאָלס הערט מען אין די בערג דאָס קנאַלעריי פון אַראָפּפאַלנדיקע אייז-לאַווינעס, דאָס קנאַקעריי פון דעם ברעכן זיך פון די ביימער, וועלכע פליען אַראָפּ אין די אָפּגרונטן, דער ווינט פייפט און טאַנצט אַ ווילדן שדים-טאַנץ צוזאַמען

מיט דעם געדיכטן שניי, וואָס דרייט זיך אין דער לופט, ווי אין אַ משוגענעם קאַראַהאָד. עס קרעכצן די פעלזן און אייז־לאַווינעס אונטער די מעכטיקע קלעפּ פון מאָנסום־ווינט.

פּאַקטיש צעטיילט דער עווערעסט די ווינטן איבער דער גאַנצער וועלט, ווייל ער איז די העכסטע שטערונג פאַר די ווינטן. אָנקלאַפּנדיק זיך אין זיין שפּיץ, צעגייען זיי זיך אין פאַרשידענע זייטן. ווען עס זאָל אויף איין טאָג נישט זיין דער עווערעסט, וואָלט זיך געענדערט דער קלי־מאַט פון דער וועלט. און טאַקע דער מאָנסום־ווינט, וועל־כער ווילדעוועט אויפן עווערעסט מיט אַזאַ קראַפט, וועלכע ס'איז זיך פשוט שווער פאָרצושטעלן, טאַקע אָט די דאָזיקע דערשיינונג, האַלטן די געלערנטע, איז די וויכטיקסטע סבה, וואָס לאָזט נישט צו דאָס דעראָבערן דעם העכסטן באַרג־שפּיץ אין דער וועלט.

האָסט דעם איינדרוק, ווי דער עווערעסט וואָלט אַוועק־געשטעלט דעם ווילדן מאָנסום־ווינט אַלס שומר פאַר די, וואָס ווילן אַריינרייסן זיך אין זיין סודותפול קעניגרייך.

און נישט געקוקט אויף די דאָזיקע אַלע געפאַרן האָבן זיך איצט געלאָזט 64 מענטשן, פעדערלעך קליינע אַנטקעגן דער מעכטיקער סטיכיע פון די הימאַלאַיען־בערג, געלאָזט זיך אין אַ פאַרצווייפלטן קאַמף מיטן מאָונט־עווערעסט.

אַרויסמאַרשירנדיק פון דאַרדזשילינג, האָט זיך די עקס־פּעדיציע געלאָזט גיין אין דעם פּרעכטיקן, מיט רוישיקע וואַסערפאַלן רייכן טאָל טשומבי. אַרויסקומענדיק פון דעם לאַנגן טאָל, האָט מען אָנגעהויבן צו מאַרשירן אויף אַ ברייטן, לאַנגן שאָסיי, וועלכער פירט אין דער הויפּט־שטאָט פון טיבעט, קיין להאַסאַ.

דער וועג האָט כסדר געפירט באַרג אַרויף, להאַסאַ,

די הויפּט-שטאָט פוּן לאַנד, ליגט אויף אַ הויכקייט פוּן 3000 מעטער (דער העכסטער באַרג פוּן די הויכע טאַטרן אין פּוילן — דער גערלאַך — האַלט 2663 מעטער די הויך) און דער וועג צוּ דער הויפּט-שטאָט פירט דורך פעלזיקע הויכע ווענט, ווילדע, געדיכטע וועלדער, וואָס קלעטערן אויף ריזיקע משופּעים. דער שאָסיי שניידט זיך ווי אַ גרייצער אַלץ העכער און העכער און פוּן ביידע זייטן הויבן זיך אויף טויזנט-מעטערדיקע הויכע פעלזן מיט פאַרשידנערליי שפּיצן און פאָרמען. אַ מוראדיקער ווינט בויגט די הויכע ביימער, וואָס וואַקסן אַרויס פוּן האַרטער, פעלזיקער ערד און ברעכט און פּאַטשט זייערע צווייגן און שטאַמען.

אין להאַסאַ האָט די עקספּעדיציע אָפּגעשטאַט אַ וויזיט דעם דאַלאַי-לאַמאַ. דאָס רעדט זיך נאָר אַזוי אָפּגעשטאַט אַ וויזיט, ווייל זעלטן ווען אַן אייראָפּעער האָט אַ צוטריט צוּ דעם העכסטן גייסטלעכן און הערשער פוּן טיבעטן-לאַנד. דער פּוּלקאָווניק בערי האָט בלויז אַריינגעשיקט אַ באַגריסונג צום דאַלאַי-לאַמאַ און באַקומען צוריק פוּן אים אַ „ברכה“ פאַר דער עקספּעדיציע.

פוּן להאַסאַ האָט מען זיך געלאָזט ווייטער. די טיבעטאַנער טרעגער האָבן שווייגנדיק געטראָגן די קאַסטנס מיט עסנוואַרג, מכשירים און אַנדערע זאַכן. זייערע פּיס זענען לייכט געשפּרונגען איבער די בערג-שפּאַלטן און פעלזן-שפּיצן. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז זיי קאָנען זיך האַלטן אויף די משופּעדיקסטע פעלזן און נישט אַראָפּפאַלן. אויך די אייראָפּעער זענען געגאַנגען שווייגנדיקע, רויכערנדיק די לולקעס. פּנים אל פּנים מיט דער מאַיעסטעטישקייט פוּן די בערג איז שווער צוּ רעדן. די געוואַלדיקע רחבותדיקייט

פון דער נאַטור צווינגט צו שווייגן און שטילשווייגנדיק צו באַוואונדערן די וואָלקנס, וואָס קלאַפּן זיך אָן אָן די פעלזן און ווייסע בערג־שפּיצן, די סימפּאָניע פון די וואַסערפאַלן און רוישיקע שטראָמען, וואָס פליסן אין די טאָלן.

ביים באַרג דזשעלאַפּטאַ האָט די עקספּעדיציע זיך אָפּגערוט. מ׳האָט אויפגעשטעלט ביידלעך, געקאָכט עסן און געריט אַ גאַנצן מעת־לעת. די טיבעטאַנער האָבן געזונגען זייערע איינטאָניקע לידער וועגן די „גייסטער פון די בערג״. ווען זיי האָבן געזונגען, האָט זיך געדוכט, אַז זיי באַוויינען אַ טויטן, אַזויפיל וויטיק און צער איז געלעגן אין די דאָזיקע טענער.

דער אַריבערגאַנג איבערן באַרג דזשעלאַפּטאַ, איז געווען נישט קיין שווערער, ווייל דער שניי אויף אים איז שוין לאַנג געהאַט צוגאַנגען און דער וועג איז דעריבער געווען אַ פרייער. כאָטש דער דזשעלאַפּטאַ איז שוין באַלד אַזוי הויך, ווי דער מאָן־בלאַן, איז עס פאַר אונזערע אויסגעפּרוווטע באַרג־קלעטערער געווען אַ שפּילעכצל.

— די ערשטע טויזנט מעטער אויפן עווערעסט זאָלן נישט שווערער זיין, — האָבן זיך אַלע געוואונטשן.

אויף דער אַנדערער זייט פון דזשעלאַפּטאַ איז מען אַראָפּ נידעריקער אויף אַ 1500 מעטער. ס׳איז געווען אַ ריזיקער טאָל, וועלכער איז געווען שטאַרק באַוואוינט. דאָ זענען געשטאַנען שיינע, ווייסע הייזעלעך, אַרום און אַרום האָבן געבליט גערטנער און סעדער. ס׳האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן אַ פאַרשכורנדיקער ריח פון רויזן, בעז, זשאַסמין. אויף די בערג־זייטן זענען אַראָפּגעהאָנגען עפּל־און באַרן־ביימער און ס׳האָבן זיך אויסגעשפּרייט פּרעכטיקע, פאַרשידן־פאַרביקע טעפּיכער פון ווייץ, קאָרן און אַנדערע תבואות

די זון האָט וואַרעם געגלעט דאָס געזיכט און די לופט איז פול געווען מיט אַ צוויטשערן פון פויגל־געזאַנג.

— דאָ איז אַן אמתער גן־עדן, — האָט באַמערקט ראַוּ־לינג, — אָבער דאָרטן, אין דער הויך, איז אַן אייביקער שניי־מדבר. וואָס פאַר אַ געוואַלדיקע קאָנטראַסטן די נאַטור האָט עס ליב.

אין טאָל האָט געבליט, האָט גערוישט מיט לעבן און געזאַנג און איבער די קעפ האָבן אַרויסגעקוקט פון די שי־טערע וואָלקנדלעך די ווייסע קרוינען, וועלכע די בערג טראָגן אויף זייערע קעפ.

פון דעם פּרעכטיקן גן־עדן טאָל האָט מען זיך ווידער געלאָזט באַרג אַרויף. דער וועג האָט געפירט צו דער בערג־קייט קאַמפּאַדזשאַנג. מ׳האָט געמוזט קריכן אויף אַלע פיר. די טיבעטאַנער זענען געשפּרונגען איבער די פעלזן, ווי בערג־קאָזעס. די איירּאָפּעער האָבן זיך צוגעבונדן איינער צום אַנדערן מיט שטריק און אַזוי געקלעטערט.

דער וועג איז וואָס העכער, געוואָרן אַלץ שווערער. מ׳איז אַריינגעקומען אין אַזעלכע ערטער, וואו קיין איירּאָ־פּעער האָט נאָך זיין פוס נישט באַטרעטן. כסדר האָבן זיך געעפנט פאַר די קלעטערער אָפּגרונטן, וועלכע מ׳האָט קונ־ציק געמוזט אויסמיידן. פון צייט צו צייט האָט מען אָנגע־טראָפן אויף זומפּן, אין וועלכע מ׳האָט געמוזט קריכן ביז איבער די קניען, באַוועגנדיק זיך מיט אַן אויסערגעוויינלע־כער אָנשטרענגונג. איבער די זומפּן האָבן זיך אויפגעהויבן חמרים קליינע פליגעלעך, וועלכע האָבן שרעקלעך געביסן די בערג־קלעטערער, נישט לאָזנדיק זיי צורו נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט.

— מיר געפינען זיך אויף אַ הויכקייט פון 5000 מע־טער, — האָט געמאָלדן דער פולקאַווניק בערי.

עס האָט פאַרפעלט אָטעם. אין קאָפּ האָט געקלאַפּט, ווי מ'וואָלט געהאַקט דאָרט מיט שווערע האַמערס, די פיס האָבן זיך קוים געשלעפּט, און דער וועג איז נאָך געווען ווייט און שווער. פון דערווייטנס האָט מאַיעסטאַטיש אַראָפּ־געקוקט אויף די וואַנדערער דער שטאָלצער קאָפּ פון מאָונט־עווערעסט.

— וואַרט, וואַרט, מיר וועלן דיך באַלד באַזיגן, — האָבן געקוקט צו אים אַרויף די אויגן פון די דרייסטע באַרג־קלעטערער.

אָבער דער בלאַנקנדיקער, ווייסער שפּיץ, וואָס קיניגט איבער די הימאַלאַיען־בערג, האָט ווייטער שטאָלץ פאַרריסן זיין קאָפּ צו די הימלען און אַפילו קיין אַכט נישט געלייגט אויף די קליינע באַוועגלעכע פונקטן — די מענטשן, — וואָס האָבן זיך געדראַפּעט באַרג אַרויף.

אויף איינעם פון די בערג נעבן קאַמפּאַדזשאָנג, פון וואַנען עס אַנטפּלעקט זיך אַ פּרעכטיק בילד פון די הימאַ־לאַיען־בערג, פון וואַנען עס שפּרייט זיך אויס אַ וווּנדער־לעכע פּאַנאָראַמע, וואָס דערמאָנט אָן ששת ימי בראשית, — דאָ אויף דעם דאָזיקן אָרט האָט קילאַס זיך דערפילט שלעכט.

אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט, קילאַס האָט געבעטן, אַז מ'זאָל אים דאָ אַליין איבערלאָזן אין די בערג און זיינע חברים זאָלן גיין ווייטער.

— פאַרוואָס זאָל איך זיין פאַר אייך אַ שטערונג, — האָט ער דערקלערט, — עס איז מיר שווער צו אָטעמען, איך קאָן ווייטער נישט גיין, די כוחות גייען מיר אויס. לאָזט זשע מיך דאָ אַליין. איך בין אַן אַלטער באַרג־קלע־

טערער און עס וועט זיין פאַר מיר אַ כבוד צו שטאַרבן אין די בערג. וועל איך זיך פילן בעסער, וועל איך אַראָפּ־גיין צוריק אונטן.

— אייער שטענדיקער ווונטש איז געווען צו דערגרייכן צום שפּיץ פון עווערעסט, — האָט געענטפערט דער פּול־קאָווניק בערי, — איצט איז געקומען דער מאָמענט, אַז אייער ווונטש זאָל פאַרווירקלעכט ווערן. איר פילט אייך שלעכט און איר קאָנט נישט גיין? זאָרגט נישט, קילאַס, מיר וועלן אייך טראָגן.

ביי קילאַסן האָבן זיך אָנגעצונדן די אויגן און זיין געזיכט האָט אויפגעשטראַלט.

— גלויבט איר טאַקע, אַז מיר וועלן דערגרייכן דעם שפּיץ פון עווערעסט? — האָט ער געפרעגט.

— איך בין איבערצייגט, אַז דאָסמאָל וועט זיך אונ־זער עקשנות נישט ברעכן, — האָט בערי געענטפערט — ניין, קילאַס, מיר וועלן אייך דאָ נישט איבערלאָזן, איר מוזט זיין מיט אונז, ווען מיר וועלן אַרויפשטעלן די פיס אויף דעם יונגפרוילעכן באָדן פון דעם עווערעסט־שפּיץ. פאַרגעסט נישט וואָס פאַר אַ פרייד מיר וועלן דאַן איבער־לעבן.

— אָבער איך קאָן דאָך נישט גיין. עס פעלט מיר אויס לופט, — האָט קילאַס קוים געקאָנט רעדן.

— איר וועט באַלד באַקומען אַן אַפּאַראַט איינצואָטע־מען זויער־שטאָף, — האָט בערי דערקלערט.

מ'האָט קילאַסן אַרויפגעלייגט אויף אַ ספּעציעל־טראָג־בעטל, וואָס די עקספּעדיציע האָט געהאַט מיט זיך מיטגע־נומען, אים געגעבן דעם אַפּאַראַט אויף איינצואָטעמען זויער־שטאָף און זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג אַריין.

צוויי טיבעטאַנער האָבן געטראָגן קילאַסן און געקלע־טערט אַזוי מיטן טראָג־בעטל איבער די געפערלעכסטע ערטער. אַלע ווייל האָט זיך קילאַסן געדוכט, אַז זיי פאַלן מיט אים צוזאַמען אַריין אין אַן אָפּגרונט אָדער קאָלערן זיך אַראָפּ פון אַ משופּעדיקן פעלז.

דעם 3־טן יוני ביינאַכט, ווען די עקספּעדיציע האָט זיך געפונען אויף אַ שפּיץ פון אַ באַרג און די לבנה האָט העל באַלויכטן, ווי ווייט דאָס אויג האָט נאָר געקאָנט גרייכן, די צאָלרייכע בערג־שפּיצן פון די הימאַלאַיען, ווען אַלע זענען געווען פאַרכאַפּט פון דעם פּרעכטיקן בילד, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט פאַר זייערע אויגן, האָט זיך פּלוצ־לונג דערהערט אַ לייכטער געשריי פון איינעם פון די טי־בעטאַנער, וועלכע האָבן געטראָגן דעם קראַנקן קילאַס.

— פרעגט, וואָס איז דאָרטן געשען? — האָט זיך דער פּולקאָווניק בערי געווענדט צו איינעם פון די איבערזעצער.

דער איבערזעצער האָט אַ פרעג געטון דעם טיבעטאַ־נער, פאַרוואָס ער האָט אַ געשריי געטון. דער טיבעטאַנער האָט אָנגעוויזן אויף קילאַסן און געענטפערט:

— איך האָב געזען, ווי ער האָט געעפנט די אויגן און געקוקט אויף דער טשאָמאָלונגמאַ. דערנאָך האָט ער אַ שמייכל געטון און זיינע ליפּן האָבן עפּעס אַ שעפּטשע גע־טון. ער האָט אויפגעהויבן אַ האַנט אין דער ריכטונג פון דער טשאָמאָלונגמאַ און זי שווער צוריק אַראָפּגעלאָזט. זע, איצט לעבט ער נישט מער. איך האָב מיך שטאַרק דער־שראָקן. טויטע שרעקן מיך תמיד.

קילאַס איז געווען טויט. דער זויער־שטאָף האָט נישט געהאָלפן. זיין אָרגאַניזם האָט נישט אויסגעהאַלטן קיין הויכ־קייט פון 5500 מעטער און דאָס האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט.

מ'האָט דעם טויטן קערפּער אַרויפגעלייגט אויף אַ פעלז צוגעדעקט דאָס אָרט מיט צווייגן און אַרויפגעקלאַפּט אויפן פעלז אַן אייזערן בלעטל, אויף וועלכן ראַולינג האָט אויס־געשריבן פאָלגנדיקן זאַץ:

„אומגעקומען אויפן וועג צו דעם העכסטן אָרט פון דער וועלט"

## דער מאָנסום־חינם קומט אָן!

אַלע האָבן געוואָרפן דעם לעצטן בליק צו דעם מיט צווייגן איבערגעדעקטן קבר פון קילאַסן און געגאַנגען ווייטער. „דער וועג צום עווערעסט ווערט געצייכנט מיט די קברים פון די, וואָס פאַלן אין קאַמף מיט דער נאַטור־סטיכיע", האָט באַמערקט דער דאָקטאָר וואַלאַסטאָן, אַ נאַטור־פאָרשער און גוטער קענער פון טיבעט.

מ'איז ווידער געגאַנגען באַרג אַרויף אַ גאַנצן טאָג, אַדורכמאַכנדיק יעדן קילאָמעטער מיט גרויסע שוועריקייטן. פאַרנאַכט האָט די עקספּעדיציע אָפּגערוט אין אַ הייל, פון וועלכער ס'האָט אַרויסגעבלאָזן אַ שניידנדיקע קעלט. ס'איז געפאַלן אַ שלאַקס־רעגן, מעכטיקע דונער־קנאַלן האָבן זיך געקאָלערט איבער די בערג־פעלזן און אַ ווינט האָט געריסן דיביידלעך. ס'איז דעריבער נישט געווען קיין אַנדער ברירה און מ'האָט זיך געמוזט באַהאַלטן אין אַ הייל, כאָטש דאָרטן איז געווען שרעקלעך קאַלט און אומהיימלעך.

פאַרטאָג איז דער הימל שוין געווען לייטער. צום זון־אויפגאַנג האָבן די טיבעטאַנער באַגריסט מיט אַ לעבעדיקן געזאַנג. די ווייסע קרוינען פון די בערג האָבן שימערירט

און געגלאַנצט, ווי זיי וואָלטן געווען אויסגעזעצט מיט טויזנטער בריליאַנטן. באַזונדערס מאַיעסטאַטיש האָט איצט אויסגעזען דער שפּיץ פון עווערסט, וועלכע האָט געפינקלט מיט אַ וואונדערבאַרן אָפּגלאַנץ אונטער די פרימאָרגן־שטראַלן פון דער זון.

מ׳האָט זיך ווייטער געלאָזט אין וועג אַריין. אַרום דריי בייטאָג איז די עקספּעדיציע צוגעקומען צו דער היסטאָרישער טיבעטאַנער פעסטונג שעקאַר־דזשאָנג, אין וועלכער עס געפינט זיך איינער פון די עלטסטע קלויסטערס. דער דאָזיקער קלויסטער געפינט זיך אין די פעלזן פון די בערג און די קליינע צעלעס פון דעם דאָזיקן טיבעטאַנישן הייליקטום זענען אויסגעבויערט ווי קליינע היילן אין די פעלזן גופא. פון דערווייטנס האָט דער דאָזיקער היסטאָרישער קלויסטער אויסגעזען, ווי אַן אַראָפּהענגענדיקער ריז און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז אָט־אָט פאַלט ער אַראָפּ אין אָפּגרונט אַריין. אָבער ווען מ׳איז צוגעקומען נענטער, האָט מען געזען, אַז דער גאַנצער ריזיקער קלויסטער איז אויסגעהאַקט פון די פעלזן גופא

דאָ האָבן די בערג־קלעטערער אָפּגערוט. די טיבעטאַנער מאָנאַכן, די לאַמאַס, האָבן מכבד געווען די מידע וואַנדערער מיט האָניג און טשאַנג. טשאַנג איז אַזאַ טיבעטאַניש ביר, וועלכעס די אייראָפּעער האָבן מיט קיין איבעריקן חשק נישט געטרונקען. דערפאַר אָבער האָבן עס די טיבעטאַנישע טרעגער געזופּט מיט גרויס חשק און געבעטן, אַז מ׳זאָל זיי מיטגעבן עטלעכע פעסלעך אין וועג אַריין.

דעם שטאַרקסטן איינדרוק אויף די אייראָפּעער האָט געמאַכט אַ ריזיקע סטאַטוע פון בודדאַ, וועלכע איז געשטאַנען אין אַ פינצטערער גרויסער הייל פון קלויסטער. די סטאַטוע האָט געהאַלטן פונעם פּעטער די הויך און איז

געווען געמאַכט פון ריינעם גאָלד. אַרום דער סטאַטוע זע־
נען געווען אויסגעהאַקט פון שטיין אַ ריי אַנדערע קלענע־
רע סטאַטועס פון דער בודיסטישער מיטאָלאָגיע. דער רי־
זיקער גאָלדענער בודדאַ האָט געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן
איינדרוק אויף די צושויער. אין דער גרויסער הייל האָט
ער געשאַפן אַן אמת מיסטעריעזע שטימונג. אַ ספּעציעלער
היטער, אַן אַלטער לאַמאַ איז אומבאַוועגלעך געזעסן ביי די
פוסטריט פון דער סטאַטוע און עפּעס געשעפּטשעט מיט די
אויסגעדאַרטע ליפּן. ווען עמיצער פון די אייראָפּעער האָט
זיך געוואָלט צורירן צום גאָלדענעם בודדאַ, האָט דער אַל־
טער לאַמאַ עפּעס הויך אַ געשריי געטון.

— וואָס שרייט ער? — האָט דער פּולקאָווניק בערי
געפרעגט ביי איינעם פון די איבערזעצער.

— ער שרייט, אַז מ׳זאָל זיך נישט דערוועגן צוצורירן
צום הייליקן בודדאַ, ווייל עס קאָן געשען אַן אומגליק. די
מענטשלעכע הענט זענען דאָך טמא און בודדאַ איז דאָך
די אידעאַלע ריינקייט און לויטערקייט אַליין.

די נאַכט האָבן די באַרג־קלעטערער פאַרברענגט אין
קלויסטער און צומאָרגנס ווידער גערירט אין וועג אַריין.
אַן אַלטער, גרייז־גרויער לאַמאַ, וועלכער איז קוים געגאַנ־
גען, האָט מיט בטול געקוקט אויף די אייראָפּעער, וועלכע
גייען דעראָבערן דעם מאָונט־עווערעסט.

— אומזיסטע טרחה, — האָט ער געקוואַטשט מיט זיין
אָנציינערדיק מויל און ציטערנדיקע ליפּן, — די דזשאָמאָ־
לונגמאַ וועט קיינער נישט באַזיגן. אַ רחמנות אויף די
מענטשן, וואָס האָבן איר דערקלערט מלחמה. זיי וועלן דאָך
אַלע אומקומען. אָ, די דזשאָמאָלונגמאַ האָט שוין אַ סך
מענטשן פאַרטיליקט.

דער איבערזעצער האָט איבערגעגעבן די אייראָפּעער דעם אַלטן לאַמאַס רייד. די אייראָפּעער האָבן זיך אויסגעלאַכט פון די דאָזיקע רייד. ראַולינג האָט באַמערקט:

— מיר האָבן זויערשטאָף און אַלע נייעסטע איינריכטונגען, די ציוויליזאַציע וועט זיך אויך מיטן עווערעסט אַן עצה געבן. פאַרשטייט זיך, אַז מען מוז ברענגען קרבנות, אָבער די קרבנות וועלן זיין אָנגעלייגט.

— ווען, גלויבט איר, וועלן מיר דערגרייכן דעם עווערעסט-שפּיץ? — האָט געפרעגט דער דאָקטאָר וואָלאַסטאָן.

— אין דריי וואָכן אַרום וועלן מיר שוין זיין אויפן העכסטן פונקט פון דער וועלט, — האָט געענטפערט דער פּוילקאָווניק בערי. — אָבער איצט הויבט זיך אָן דער שווערסטער וועג. די אייגנטלעכע אָפּענסיווע אונזערע קעגן דעם מאָונט-עווערעסט הויבט זיך ערשט אָן. נאָך דעם גרויסן טיבעטאַנישן מאָנאַסטיר ראָנגבוק הויבט זיך אָן אַ געפערלעך און שווער קלעטערן.

אין דעם קליינעם באַרג-דערפל טינגרי האָט בערי איבערגעלאָזט עטלעכע שוואַכערע אָנטיילנעמער, וועלכע האָבן זיך שוין מער נישט געפילט בכח צו גיין. אין טינגרי איז אויך געשאַפן געוואָרן דער ערשטער לאַגער פאַר די, וואָס וועלן זיך אויפן ווייטערדיקן וועג דערפילן שוואַך און וועלן נישט בכח זיין העכער צו קלעטערן.

אין דעם גרויסן מאָנאַסטיר ראָנגבוק מיט זיינע 2000 צעלן האָט די עקספּעדיציע גערוט אַ גאַנצן מעת־לעת. די אָנטיילנעמער האָבן אין דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן מאָנאַסטיר געזען אַזויפיל וואונדערלעכע זאַכן, אַז זיי האָבן במשך פון די 24 שעה פאַרגעסן אין דעם צוועק פון זייער נסיעה.

די צעלן זענען אויסגעהאַקט אין די פעלזן, און אין

יעדער צעלע זיצט, ווי איינגעמויערט, אַ דאַרער מאָנאַך, וואָס האָט אויף זיך נישט מער, ווי הויט און ביינער. די 2000 מאָנאַכן דערנערן זיך בלויז מיט קערנדלעך ווייץ און וואַסער. מער עסן זיי קיין שום זאַך נישט און גייען קיינמאָל נישט אַראָפּ פון הויכן באַרג צו דער „זינדיקער וועלט".

— ווי אַלט איז דער ראָנגבוק? — פרעגט דער פּאָלקאָווניק בערי ביי איינעם פון די איבערזעצער.

— דריי טויזנט יאָר, — ענטפערט דער טיבעטאַנער, — און אפשר נאָך מער. ער איז נישט געמויערט פון קיין שטיינער, אָדער ציגל, נאָר אויסגעהאַקט אין די פעלזן גופא. נישטאָ דעריבער אַזאַ קראַפט, וואָס זאָל אים קאָנען צושטערן.

פאַרלאָזנדיק דעם ראָנגבוק, האָט מען געמוזט גיין אין שטראָמען אייז-קאַלטע וואַסערן, וואָס זענען אַראָפּגערינען פון די בערג. פון צייט צו צייט זענען צוזאַמען מיט די שטראָמען געפלויגן מיט אַ שטאַרקן אימפּעט גרויסע שטיקער אייז און געדראָט צוצושמעטערן די אָנטיילנעמער פון דער עקספּעדיציע. מ׳האָט געדאַרפט קונציק לאַווירן, כּדי אויסצומיידן די ריזיקע אייז-קריעס, וואָס זענען אַראָפּגעפאַלן צוזאַמען מיטן שטראָם, און אָנטרעפנדיק אויפן וועג אַ שפּיציקן פעלז, זיך צעשפּרונגען מיט אַ הילכיקן קנאַל אויף צענדליקער שטיקער.

ענדלעך איז די עקספּעדיציע צוגעקומען צו אַ הויכקייט פון 5800 מעטער און באַשלאָסן דאָ איינצוּאָרדנען אַ לאַגער. מ׳האָט אויפגעשטעלט לייוונטענע ביידלעך, אָנגעצונדן ספּירט־מאַשינקעס און אָפּגעקאָכט עסן. אין לאַגער זענען איבערגעבליבן עטלעכע אייראָפּעער און אַ פינף-זעקס טיבעטאַנער. די רעשט האָט גענומען ווייטער קלעטערן, כּדי צו נעמען מיט שטורעם דעם מאָונט־עווערעסט.

און אָט ווי דער פּאָלקאָווניק בערי שילדערט, ווי אַזוי זיי האָבן פאַרלאָזט דעם לאַגער, וועלכן מ'האָט פאַרלייגט אויף אַ הויכקייט פון 5800 מעטער.

„אַרום צוויי אַ זייגער ביינאַכט, — דערציילט בערי, — האָבן מיר פאַרלאָזט די בּיידלעך און זיך געלאָזט גיין ווייטער איבער דעם ווייסן שניי. די לבנה האָט געלויכטן העל, צוגעבנדיק דעם שניי אַ ווונדערלעכע העל־בלויע קאָליר. ס'איז געווען ליכטיק אַזוי ווי בייטאָג. גייענדיק צו דרום צו, האָבן מיר זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף אַ פעלז, וועלכער איז געווען באַדעקט מיט אַ געדיכטן שיכט אייז. ס'איז געווען 24 גראַד פראָסט. אין חודש אויגוסט, ווען אונטן, מיט דריי־פיר קילאָמעטער נידעריקער — האָבן געבליט עפּל־ביימער! ביים קלעטערן אויף דעם דאָזיקן באַרג האָט מען זיך אַלע ווייל אַראָפּגעגליטשט און די הענט האָבן שרעקלעך ווי געטון פון דעם שטאַרקן פראָסט. פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך געדראַפּעט איינגעעקשנטע און פאַרביסענע.

„אַרום און אַרום האָט געהערשט אַ פייערלעכע שטילקייט, וועלכע איז בלויז איבערגעריסן געוואָרן דורך ווייטן רוישן פון די שטראָמען און ברעכן זיך פון די אייז־שטיקער. די ווייטע בערג־שפּיצן, די באַשנייטע פעלזן און אַראָפּהענגנדיקע וועלדער זענען געווען אַרומגעהילט מיט אַ לייכטן דורכזיכטיקן געפל.

„אין דעם פאַנטאַסטישן שיין פון דער לבנה האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע קייט פון בערג אויף אַ מהלך פון דריי הונדערט קילאָמעטער. ס'איז שווער איבערצוגעבן דאָס געפיל, וואָס מען לעבט איבער, ווען מען שטייט אויף אַ הויכקייט פון 7000 מעטער, אויף וועלכע מיר האָבן זיך איצט

געפונען, און מען קאָן אַרומנעמען מיטן בליק אַ שטח פון עטלעכע הונדערט קילאָמעטער אַרום זיך. מען האָט דעם איינדרוק, ווי מען וואָלט נישט געקומען פון דער ערד, נאָר ווי מ׳וואָלט אַראָפּגענידערט אויפן באַרג פון די הימלען אַראָפּ.

„זיבן טויזנט מעטער אין דער חויך! אַרום און אַרום אַן אומענדלעכע ווייטקייט. אַ לאַנגע קייט פון מעכטיקע בערג-שפּיצן, וועלכע פינקלען מיט זייערע זילבערנע קרוינען, ערגעץ זער ווייט, אויף אַ פינף הונדערט קילאָמעטער פון אונז, האָט געבליצט. מן-הסתם איז דאָרטן געוועזן אַ שטורעם. אָבער אַרום אונז איז די לופט געוועזן ריין און זער דורכזיכטיק.

„מיר זענען געשטאַנען אויף אַ גליטשיקן פעלז. די מינדסטע אומפאָרזיכטיקע באַוועגונג האָט געדראָט זיך אַראָפּצוגליטשן אין אַ תהום אַריין און געפונען די אייביקע רו אין די הימאַלאַיען. אָבער קיינער פון אונז האָט איצט נישט געפילט די געפאַר. מיר האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון דעם װוּנדערלעכן בילד, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונזערע אויגן. קיינער האָט נישט געוואָלט אַראָפּגיין אין לאַגער שלאָפן.

„און אָט האָט זיך אָנגעהויבן דער זונען-אויפגאַנג, דער זונען-אויפגאַנג אין די הימאַלאַיען. דער וואָס האָט דאָס דאָזיקע בילד נישט געזען, קאָן זיך נישט פאָרשטעלן דעם גאַנצן װוּנדערלעכן פּראַכט, עשירות און פאַרשידנפאַרביקייט פון דער נאַטור.

„עס האָט געברענט אונטן און אויבן, די ווייסע בערג-שפּיצן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אַ העליש פייער. פּורפּור-רויטע צונגען האָבן זיך געצויגן איבער די בערג-משופּעים,

אויסשפּרייטנדיק זיך אַלץ טיפער. אין די טאָלן ווייט אַראָפּ איז נאָך געווען נאַכט און אַרום אונז האָט די זון שוין צעשאָטן מיריאַדן ברילִיאַנטן אויפן בלענדנדיקן שניי".

די ווונדערלעכע בילדער, וואָס האָבן זיך אַלע ווייל אַנטפּלעקט פאַר די באַרג-קלעטערער, האָבן זיי געמאַכט פאַרגעסן אָן די שרעקלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע זיי האָבן זיך איצט געפונען. דער פראָסט איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער. ס'איז געפאַלן אַ געדיכטער שניי. מ'איז געזונקען ביז איבער די קניען אין דעם ווייסן פוך. יעדער טריט פאָרויס האָט געקאָסט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג, יעדן טריט האָט מען געמוזט אויסקעמפן. עס האָבן נישט געהאָלפן די שטריק, מיט וועלכע מ'איז געווען אַרומגעבונדן און אַזוי אַרום זיך אָנגעהאַלטן איינער אָן אַנדערן. יעדער מעטער האָט געדויערט אָפטמאָל צען און צוואַנציק מינוט. מ'האָט געמוזט אַריינקלאַפּן אין די פעלזן-שפּאַלטן לאַנגע האַקעס, אַרומבינדן אַרום די האַקעס שטריק און זיך אַזוי אַרום אַרויפציען אויף עטלעכע מעטער העכער.

עטלעכע טיבעטאַנער טרעגער זענען אַוועקגעפאַלן אין חלשות. מ'האָט זיי געמוזט איינרייבן דעם קערפּער מיט ספּירט און לאַנג מינטערן. זיי האָבן זיך געבעטן, אַז מ'זאָל זיי אַראָפּשיקן אין לאַגער, ווייל די כחות גייען ביי זיי אויס. זייער בקשה איז דערפילט געוואָרן. די טיבעטאַנער האָבן זיך גענומען איילִיק אַראָפּלאָזן צו דעם אָרט, וואו דער פּולקאָווניק בערי האָט פאַרלייגט דעם לאַגער, וועלכער האָט זיך געפונען אויף אַ הויכקייט פון 5800 מעטער. די טיבעטאַנער טרעגער זענען געשפּרונגען, זיך געגליטשט און לסוף זענען זיי אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן פון די אויגן.

– זיי קאָנען פאַרבלאָנדזשען און פאַרשיט ווערן פון

שניי, — האָט באַמערקט דער אָנטיילנעמער אין דער עקס־פּעדיציע, דזשעמס מאַלאָרי.

— זיי וועלן אין די הימאַלאַיען נישט פאַרבלאָנדזשען, — האָט אויפגעקלערט דער דאָקטאָר וואָלאַסטאָן, — די דאָזיקע טיבעטאַנער זענען אמתע קינדער פון די בערג.

— טאָ פאַרוואָס-זשע האַלטן מיר אויס און זיי פאַלן אַוועק אין חלשות, — האָט זיך מאַלאָרי געוואונדערט.

— עס זענען צווישן זיי אויך דאָ גענוג שוואַכע, וועל־כע דער שאַרפער קלימאַט אויף אַ הויכקייט פון 7000 מע־טער און די לאַנגע נסיעה דערצו פאַרמאַטערט שרעקלעך. אָבער דער רוב האַלט אויס. זעט, ווי די רעשט האַלט זיך געזעגנט. הלואי זאָלן מיר זיך אַזוי ווייטער האַלטן.

— מיר האָבן נאָך אויסצושטיין אַ סך שוועריקייטן?

— די שוועריקייטן האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן און טאַקע בײַ 7000 מעטער די הויך. פאַרגעסט נישט, אַז מיר דאַרפן נאָך דורכמאַכן די שווערסטע און געפערלעכסטע וועגן. מיר קומען איצט אַרײַן אין דער סטרעפּע פון איי־זיקן שניי, ריזיקע אייז-גלעטשערס און שטורעמווינטן. איך שרעק זיך נישט פאַר קיין שום זאַך, חוץ פאַר דעם מאָנ־סום-ווינט. קומט אָן דער מאָנסום-ווינט — דאַן זענען מיר אַלע פאַרלוירן!

דעם 20-טן אויגוסט האָט זיך די עקספּעדיציע שוין געפונען אויף אַ הויכקייט פון 7500 מעטער. מ׳האָט אָנגע־טון די אַפּאַראַטן אויף איינצואָטעמען זויערשטאָף. אַלעמען האָט ווי געטון דער קאָפּ און די אויגן האָבן זיך געקלעפּט. אַ שרעקלעכע מידיקייט האָט אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן קער־פּער. אַלע זענען געבליבן ליגן אויפן שניי און נישט גע־

קאָנט קיין ריר טון מיט קיין אבר. מ׳האָט געשוויגן. ס׳איז שווער געווען צו רעדן.

— דאָס ליגן אין שנײ איז געפערלעך! — האָט מיט די לעצטע כוחות אַ געשריי געטון דער פּולקאָווניק בערי, — מיר ווילן דאָ אַלע פאַרפרוירן ווערן. מען מוז זיך באַוועגן פאַר יעדן פּרייז.

כדי צו דערוואַרעמען די גלידער האָט מען אויסגע־טרונקען צו צוויי גלעזלעך קאָניאַק און דערנאָך זיך גענו־מען אויפשטעלן לייוונטענע געצעלטן, כדי איבערצונעכטיקן די נאַכט. די אַרבעט האָט אַביסל דעם עולם דערוואַרעמט. הגם אַ סך זענען געלעגן און זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. ביי איינעם איז די האַנט געוואָרן אָפּגעפרוירן, ביי אַ צווייטן אַ פוס, ביים דריטן די אויערן, הגם מ׳איז גע־גאַנגען אָנגעטון אין דיקע, פוטערנע מלבושים און אַ סך זענען ביזן האַלז געלעגן אַריינגערוקט אין די פוטערנע זעק, וועלכע זענען חוץ דעם געווען אַרומגענייט מיט אַ צודעק פון פוך.

עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. ס׳איז געווען אַ פראָסט פון פופציק גראַד! צו אָטעמען א״ז געווען שרעק־לעך שווער און ווי נאָר מ׳האָט אויסגעטון די זויערשטאָף־אַפּאַראַטן, האָט זיך פאַר דער נאָז געבילדט אַ צעפּל פון אייז.

ווען די לייוונטענע געצעלטן זענען געווען פאַרטיק, האָבן זיך אַלע אַהין אַריינגערוקט. מ׳האָט אָנגעצונדן די ספּירט־מאַשינקעס, כדי אויפצוקאָכן וואַרעם עסן. בלויז עטלעכע אָנטיילנעמער פון דער עקספּעדיציע, ווי בערי, ראַגו־לינג, מאַלאָרי, אירווין, דער דאָקטאָר וואָלאַסטאָן און נאָך עטלעכע האָבן זיך נאָך געקאָנט האַלטן אויף די פיס. די



דער וואונדערלעכער מאָנאַסטיר ראָנגבוק

יבעריקע זענען געלעגן מירע, מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן און נישט גערירט מיט קיין אבר.

פלוצלינג האָט זיך דערהערט אינדרויסן אַ געוואַלדי־קער קנאַל, ווי אַ באַרג וואָלט צעפלויגן געוואָרן אינדער־לופטן. באַלד דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכע פּיי־פעריי און הודזשעריי, ווי אַ מחנה מכשפות וואָלטן זיך צע־הוליעט. עס האָט גענומען קנאַקן און פּלאַצן, ווי צענדלי־קער באָמבעס וואָלטן אויפגעריסן. מיט איינמאָל האָבן זיך די געצעלטן געגעבן אַ הויב אויף אינדערהויך און אַראָפּגע־פאַלן ערגעץ אין אַן אָפּגרונט.

אַלע האָבן זיך אַ ריס געטון פון די ערטער צעטומלטע און דערשראָקענע. נישט אַלע האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון וועגן דעם, וואָס ס'איז פאָרגעקומען. נאָר ווען זיי האָבן אַ קוק געטון אַרום זיי האָבן זיי דערזען אַ מוראדיק בילד פון אַ סטיכישן נאַטור־אויפברויז.

אינדערלופט האָט זיך געדרייט, ווי אין אַ ווילדן קאַ־ראַהאָד, אַ זייל שניי, וועלכער איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן ברייטער און גרעסער. מ'האָט גאָרנישט אַרויסגעזען. אַלץ איז געווען איינגעהילט אין אַ געדיכטן שניי־נעפל, וועלכער איז געפלויגן אַרויף און אַראָפּ, אין אַלע זייטן. האָסט נישט געקאָנט וויסן פון וואַנען דער שניי איז גע־קומען, צי פון אונטן, צי פון אויבן. באַרג און הימל האָט זיך צונויפגעמישט אין איין ווירבלענדיק, טאַנצנדיק שטיק. שניי־שטיקער האָבן געקלאַפּט איבערן פנים, ווי אַ קאַנטשיק. אַלע ווייל האָט זיך דערהערט אַ מוראדיקער קראַך, דאָס זענען ריזיקע אייז־קריעס געפלויגן פון אַ ריזיקער הויך אין אָפּגרונט אַריין. ריזיקע שניי־לאַווינעס האָבן זיך מיט ווילדן אימפּעט אַראָפּגעלאָזט און זיך צעקלאַפּט אָן די פעלזן. אַלע

ווייל האָבן זיך געהערט באַטויבנדיקע קנאַלן. ס'האָט זיך געדוכט, אַז דער גאַנצער קאָסמאָס זינקט איין ערגעץ אין אַ מוראדיקן תהום.

און דאָ, אינמיטן דער מוראדיקער, ווילדער נאַטור־סטיכיע זענען געלעגן אויסגעצויגן מידע, האַלב־פאַרפרוירענע מענטשן און האָבן זיך צוגעקוקט צו דעם שרעקלעכן נאַטור־געראַנגל.

— אָנהאַלטן זיך פעסט אָן וואָס איינער קאָן נאָר! — האָט געשריגן דער פּולקאָווניק בערי, — צורוקן זיך נענטער צו אַ פעלזן־וואַנט, ליגן מיטן פּנים אַראָפּ!

זיין שטים איז שווער געווען צו הערן, ווייל דער מוראדיקער ווינט האָט געמאַכט אַזעלכע יללות, ער האָט אַזוי שטאַרק געהודזשעט און געברומט, אַז מ'האָט קוים געקאָנט הערן, וואָס מען רעדט.

— הער פּולקאָווניק, איך האָב דעם איינדרוק, אַז מיר האָבן אַ גאַסט — דעם מאָנסום־ווינט, — האָט הויך געשריגן מאַלאָרי, כּדי בערי זאָל אים דערהערן.

— ניין, דאָס איז נאָך נישט דער מאָנסום־ווינט, — האָט געענטפערט בערי, — דאָס איז בלויז זיין פאָרפּאָסטן. דאָס איז אַ צייכן, אַז דער מאָנסום־ווינט דערנענטערט זיך.

— הייסט עס, אַז עס וועט זיין נאָך שרעקלעכער?

— נישט שרעקלעכער, נאָר פאַרניכטונג, פולשטענדיקע פאַרניכטונג! איצט איז בלויז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס צווישן אַ קליינעם לופט־שטראָם מיט די הויכע הימאַ־איען־ריזן. איצט דאַרף ערשט פאָרקומען די אַנטשיידנדיקע שלאַכט צווישן די בערג און דעם ווינט. מיר וואָלטן דאַמאָלס געפלויגן, ווי פעדערלעך.

— טאָ וואָס איז איצט דאָ צו טון?

— גיין העכער, בעת עס גרייט זיך אַ באַגעגעניש מיט אַזאַ נישט געוואונטשענעם גאַסט, ווי דער מאָנסום־ווינט אין אַן אומזין. דאָס הייסט גיין אויף אַ זיכערן טויט.

— מוזן מיר זיך הייסט עס אומקערן צוריק?

— יאָ, קיין אַנדער ברירה איז נישטאָ, — האָט גע-ענטפערט דער פּולקאָווניק. — מיר האָבן צו לאַנג זיך גע-זוימט אין די בערג. אין סעפּטעמבער און אָקטאָבער הויבט אָן דער מאָנסום-ווינט זיין ווילדע אַרבעט, ערשט דאַמאָלס צעווילדעוועט ער זיך מיט דער גרעסטער קראַפט. איצט איז שוין סוף אויגוסט און דער מאָנסום-ווינט וועקט זיך שוין פון שלאָף. ניין, מיר טאָרן דאָ לענגער נישט בלייבן.

דער הוראַגאַן האָט ביסלעכווייז אויפגעהערט, דער שניי-נעפּל איז געוואָרן שיטערער. די קולות אין די בערג זענען אַנטשוויגן געוואָרן. עס האָבן זיך שוין באַוויזן די שאַרפע קאָנטורן פון די בערג-שפּיצן. אַלע האָבן פרייער אָפּגעטעמט.

— מיר טאָרן דאָ לענגער נישט פאַרבלייבן, — האָט דערקלערט דער פּולקאָווניק בערי. — מיר מוזן גיין צוריק, דאָס הייסט — אַראָפּ אונטן. עס דערנענטערט זיך דער מאָנסום-ווינט.

אויף די טיבעטאַנער האָבן דורך זייערע איבערזעצער דערקלערט, אַז זיי וועלן פאַר קיין שום פּרייז זיך נישט לאָזן אין ווייטערדיקן מאַרש צום מאָונט-עווערעסט, ווייל עס קומט אָן דער „ווייסער ווינט״, דער מאָנסום, און ער וועט אַלעמען אומברענגען.

עטלעכע, ווי מאַלאָרי און אירווין זענען געווען דער-פאַר, אַז מ׳זאָל ווייטער קלעטערן. זיי האָבן פּשוט מיט

טרערן אין די אויגן געבעטן, אַז מ׳זאָל דעם מאַרש נישט איבעררייסן.

— מיר זענען שוין אַדורכגעגאַנגען אַזויפיל שווערע צרות, מיר האָבן שוין במשך פון די פיר חדשים, וואָס מיר זענען אין די בערג, דורכגעמאַכט די ערגסטע שוועריקייטן און איצט, ווען מיר געפינען זיך שוין אויף אַ הויכקייט פון 7500 מעטער, זאָלן מיר רעזיגנירן? זאָלן מיר האָבן אומזיסט געפטרט אַזויפיל צייט און ענערגיע? זאָל דער קרבן פון אונזער פריינט קילאַס זיין אַן אומזיסטער? איצט, ווען דער שפיץ פון עווערעסט איז שוין אַזוי נאָנט פאַר אונזערע אויגן, איצט זיך אָפּזאָגן פון אונזער גאַנצן פּלאַן?

מ׳האָט זיך לאַנג וועגן דעם געאַמפּערט. די גרעסטע טייל האָט געהאַלטן, אַז מ׳מוז זיך אומקערן. קעגן מאָנסום-ווינט איז נישטאָ קיין שום מיטל. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַנייען די עקספּעדיציע אין קינפטיקן פרילינג. פרילינג און זומער באַוויייזט זיך דער מאָנסום-ווינט זער זעלטן.

מאַלאָרי און אירווין האָבן מיט פאַרצווייפלטע בליקן געקוקט אויפן בלאַנקנדיקן שפּיץ פון מאָונט-עווערעסט, ווי זיי וואָלטן זיך פון אים נישט געקאָנט שיידן. מאַלאָרי האָט אַ זאָג געטון צום פּולקאָווניק בערי:

— איך פאַרזיכער אייך, הער פּולקאָווניק, אַז איבער-אַיאָר וועל איך זיין פון די ערשטע, וואָס וועלן באַזיגן אָט דעם דאָזיקן קעניג פון די בערג. איך וועל נישט קוקן אויף קיין שום מניעות און איך מוז מיינע פיס אַוועקשטעלן אויף דעם שפּיץ פון עווערעסט.

— איך פאַרשטיי אויסגעצייכנט אייערע געפילן, הער מאַלאָרי, — האָט בערי געענטפערט מיט אַ שמייכל, — איך אַליין חלום אויך צו זיין פון די ערשטע, וואָס וועלן באַטרעטן

דעם שפּיץ פון דעם דאָזיקן גרעסטן ריז צווישן די בערג אויף דער וועלט. אָבער איצט איז נישטאָ קיין אַנדער ברירה. יאָ, ס'איז דאָ איין ברירה – שטאַרבן, אומקומען, זעט איר, גיין אויף אַ זיכערן טויט און גאָרנישט דערגרייכן, דאָס וויל איך נישט.

מיט אַ שווער געמיט האָט מען זיך דעם 29-טן אויגוסט גענומען אַראָפּלאָזן צוריק פון דער 7500 מעטערדיקער הויכקייט, אויף וועלכער די עקספּעדיציע האָט זיך שוין געפונען. דער וועג אַראָפּ אין טאָל איז געווען גענוג שווער. מ'האָט געמוזט דורכרייסן זיך דורך שווערע שניי-שטורעמס, גיין ביז איבער די קניען אין אייז-קאַלטע שטראָמיקע וואַסערן. קנאַפּע צוויי חדשים האָט געדויערט דאָס אַראָפּגיין פון די בערג. ערשט דעם 24-טן אָקטאָבער האָט מען דערגרייכט צו דעם אָרט, פון וואַנען די עקספּעדיציע האָט דעם 18-טן מאַי אַרויסמאַרשירט קיין דאַרדזשילינג. נאָך פינף חדשים וואַנדערן אין די בערג, נאָך פינף חדשים פון שרעקלעכע איבערלעבונגען, האָט מען זיך ענדלעך ווידער געפונען אין אַ גרעסערן מענטשלעכן ישוב.

דער צוריקוועג איז געווען נישט ווייניקער שרעקלעך, ווי דאָס אַרויפשטייגן. צוליב דער מורא פאַרן מאָנסום איז מען נישט געגאַנגען מיט דעמזעלבן וועג, מיט וועלכן מ'האָט פריער אַרויפגעקלעטערט. אַלע זענען געווען שטאַרק נידערגעשלאָגן, אָבער גלייכצייטיק האָט זיך דער גרעסטער טייל פון דער עקספּעדיציע געגעבן דאָס וואָרט, אַז אין נאָנטסטן פרילינג וועט יעדער פון זיי נאָכאַמאָל זיך לאָזן אויף אַן אָפּענסיווע קעגן דעם עווערעסט.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די אָנפירונג איבער דער צווייטער עקספּעדיציע זאָל איבערנעמען דער אונז שוין

באַקאַנטער באַרג־קלעטערער ברעס. דער פּולקאָווניק בערי האָט זיך נאָך דער איצטיקער אונטערנעמונג, וואָס האָט קיין שום רעזולטאַט נישט געגעבן, געפילט שטאַרק דערשלאָגן און איז קראַנק געוואָרן.

— די ערשטע אַטאַקע האָט זיך נישט איינגעגעבן, — האָט דערקלערט ברעס, — וועט זיך די צווייטע מוזן איינגעבן! מיר וועלן דעם דאָזיקן הימאַלאַיען־ריז פאַנגען!

## מען גייט צום צווייטן מאָל שטורמען דעם עווערעסט

די מענטשלעכע עקשנות האָט זיך נישט געבראָכן. דער מענטשלעכער גייסט האָט זיך נישט געהאַלטן פאַר באַזיגט. „אויב ס'איז נישט געלונגען איין עקספּעדיציע, וועט געלינגען די צווייטע", האָבן גערעדט צווישן זיך די אָנטיילנעמער פון דער צווייטער עקספּעדיציע, וועלכע האָט במשך פון דעם ווינטער 1921—1922 געמאַכט אַלע נויטיקע צוגרייטונגען.

ס'איז איבעריק צוצוגעבן, אַז אין דער צווייטער עקספּעדיציע האָבן אויך אָנטיילגענומען מאַלאָרי און אירווין און אַ ריי נייע באַרג־קלעטערער, ווי סטרעט, מאָרטשעט, קראַפּ־פאָרד און אַנדערע באַקאַנטע אַלפּיניסטן.

מ'איז צום צווייטן מאָל צוגעטרעטן שטורמען די פּעס־טוגג, וואָס הייסט מאָונט־עווערעסט. די צאָל פון די איצ־טיקע אָנטיילנעמער (אייראָפּעער) איז געווען דרייצן. די ענג־לענדער האָבן געהאַלטן די דאָזיקע ציפער פאַר אַ מזל־דיקע...

איצט האָט מען זיך געלערנט אויף די פאַרשידענע

פעלערן, וואָס מ'האָט געמאַכט בעת דער ערשטער עקספּע־
דיציע. אַלע אָנטיילנעמער זענען באַטראַכט געוואָרן דורך אַ
דאָקטאָר און האָבן פריער דורכגעמאַכט עקספּערימענטן מיט
איינאָטעמען דעם זויערשטאָף. זיי האָבן זיך אַ גאַנצן ווינ־
טער פאַרהאַרטעוועט, געוואַשן דעם קערפּער מיט שניי, זיך
געבאָדן אין אייז־קאַלטן וואַסער און זיך געאיבט אין קלע־
טערן אויף הויכע פעלזן.
אויך די מכשירים און אַנדערע מיטלען צו קעמפן
קעגן דער סטיכיע אין די בערג זענען איצט געווען
מער פאַרפולקאָמט ווי פריער. מ'האָט מיטגענומען מיט זיך
קליינע און גרויסע געצעלטן פון פעסטע לעדער באַדעקט
מיט פוטער, קאָרקענע מאַטראַצן, וואָס נעצן נישט דורך.
די זעק צום שלאָפן זענען געווען אויסגעבעט מיט דעם פו־
טער פון ווייסע בערן, וואָס וואַרעמט זער שטאַרק. חוץ דעם
האָט מען מיטגענומען די נייעסטע מכשירים, וואָס עס באַ־
נוצן באַרג־קלעטערער. די בעסטע כלי־זיין האָט די עקספּע־
דיציע מיטגענומען, כדי זיגרייך דורכצופירן די שלאַכט מיט
דעם גרעסטן ריז פון די הימאַלאַיען־בערג.
איצט האָט מען דעם מאַרש אָנגעהויבן אַ סך פריער.
שוין דעם 26-טן מערץ 1922 האָבן זיך אַלע 13 אָנטיילנע־
מער פון דער עקספּעדיציע צוזאַמען מיט צוויי און דרייסיק
טיבעטאַנער טרעגער און צוויי איבערזעצער געפונען אין
דאַרדזשילינג און שוין צומאָרגנס דעם 27-טן האָט די עקס־
פּעדיציע אַרויסמאַרשירט דורכן זעלבן וועג, וואָס פאַראַיאָרן.
איצט זענען נישט אַלע געגאַנגען מיטאַמאָל, נאָר
מ'האָט אַרויסגעשיקט פאָרויס צוויי געניטע אויסשפּירער. ביי
יעדן וויכטיקן פונקט האָט מען אויסגעקלאַפּט אַ לאַגער,
אויפגעשטעלט די לעדערנע געצעלטן און אַרויסגעשיקט אַ

צוויי, דריי, אָדער פינף מענטשן אויספּאָרשן דעם ווייטער־דיקן וועג.

דעם 6-טן מאַי איז שוין די עקספּעדיציע געווען ביי דעם מאָנאַסטיר ראָנגבוק און דעם 8־טן מאַי האָט מען זיך שוין געפונען אויף אַ הויכקייט פון 6400 מעטער, צווייהונ־דערט מעטער נידעריקער פון דעם באַרג־שפּיץ טשאַנג־לאַ. דאָ האָט מען ווידער פאַרלייגט אַ לאַגער און באַשלאָסן, אַז פון דעם דאָזיקן אָרט זאָל זיך אָנהויבן די גענעראַל־אַטאַקע קעגן דער מעכטיקער טשאָמאָלונגמאַ, וואָס קוקט אַראָפּ מיט בטול אויף די מענטשלעכע אָנשטרענגונגען און קרבנות.

דאָ, אויף דער הויכקייט פון 6400 מעטער, איז אין חודש מאַי דער פראָסט געווען 32 גראַד! מיט דער גרעס־טער אָנשטרענגונג האָבן געאַרבעט די טיבעטאַנער, וועלכע האָבן, טראָגנדיק די אַלע נויטיקע מכשירים, זיך געדאַרפט דראַפּען אויף די גליטשיקע פעלזן און געדאַרפט אויסמיידן די שפּאַלטן, וואו ס'האָבן זיך אויפגעעפנט שווינדערלעכע אָפּ־גרונטן.

און די איינגעשפּאַרטע מענטשן האָבן זיך געדראַפּעט מיט דער הילף פון אייזערנע שטריק אויף גלייכע, פעלזיקע ווענט, וועלכע זענען נאָך דערצו געווען באַדעקט מיט אַ גליטשיקן אייז־שיכט. מ'האָט פאַרוואָרפן אָן אַ שפּיץ פון אַן אַרויסשטאַרצענדיקן פעלז אַ דיקע, דראָטענע שטריק און זיך אָנגעהויבן דראַפּען איינער נאָך דעם אַנדערן אויף דער דאָ־זיקער שטריק, הענגענדיק איבער אָפּגרונטן פון דריי ביז פיר טויזנט מעטער. ווען מאַלאָרי האָט געפרווט וואַרפן אַ בליק אונטער זיך, האָט ער געפילט, ווי עס גיט אים אַ שרעקלעכן שווינדל פאַר די אויגן. ווען די שטריק רייסט זיך איבער, וואָלטן אַלע אַראָפּגעפלויגן אין אַ שרעקלעכן

אָפּגרונט. און זייערע ביינער וואָלטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צעפּיצלטע שטיקלעך.

און במשך פון טאָג האָט מען עטלעכע מאָל געמוזט פאַרוואַרפן די אייזערנע שטריק און זיך אַרויפדראַפּען ביז צום שפּיץ פון אַ פעלז. די אָנטיילנעמער אין דער דאָזיקער קאַרקברעכערישער אַרבעט האָבן זיך שוין דערצו אַזוי גע־האַט צוגעוואוינט, אַז בעת־מעשה פלעגן זיי זיך וויצלען און לאַכן. ווען קראָפּפּאָרד איז געהאָנגען איבער אַ מוראדיק טיפן אָפּגרונט און די הענט זענען אים אַלע ווייל צוגע־פרוירן געוואָרן צו דער אייזערנער שטריק, אַזוי, אַז ער האָט זיי כסדר געמוזט אָפּרייסן, — בעת אַזאַ געפערלעכן מאָ־מענט פלעגט מאַלאָרי פרעגן:

— איר וואָלט איצט געוואָלט פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָס?

— אויב איר האָט ביי זיך, גיט אַהער. טאָמער פאַל איך אַראָפּ, וועל איך כאָטש ד אָ ר ט ן האָבן וואָס צו רוי־כערן...

אין די ערשטע צוויי חדשים פון דעם קלעטערן איז דער עולם געווען גענוג מונטער און קאַלטבלוטיק. בעת די גרעסטע שוועריקייטן, האָט מען נישט פאַרלוירן דעם מוט. אַלע האָבן געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן זיך זעלבסט:

— מיר וועלן דעם מאָונט-עווערעסט שוין דערגרייכן! מיר וועלן אינגיכן פרישטיקן אויף זיין ווייסן קאַרק.

מיט גרויסע שוועריקייטן האָט מען זיך גערוקט פאָרויס צווישן פעלזן און אייז-קריעס, צווישן הויפנס שניי און שוואַר־צע שפּאַלטן—אָפּגרונטן. יעדער טריט איז דערגרייכט געוואָרן מיט אַן איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג, אויף יעדן פּונקט האָט געלויערט דער טויט.

דעם 12-טן מאַי האָט מען זיך געפונען אויף אַ הויכ־

קייט פון 7015 מעטער און איינגעאָרדנט אויף דעם דאָזיקן פונקט אַ לאַגער צו רוען. דער דאָזיקער לאַגער האָט זיך געפונען אויפן סאַמע שפּיץ פון אַ באַרג און פונדאַנען האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ פאַנטאַסטיש-ווילדע פּאַנאָראַמע: פּאַר-שידנפאָרמיקע פעלזן, אייז-גלעטשערס, אייז-קריעס, שניי-ווענט, ברייטע שפּאַלטן מיט מוראדיקע פּיסקעס, וואָס האָבן גע-וואַרט אויף קרבנות.

אַ מיסטישער שוידער האָט אַרומגעכאַפּט, ווען מ'האָט געקוקט אויף דעם דאָזיקן ווילדן נאַטור-בילד.

— איצט איז געקומען די צייט אָנצוהייבן אונזער אָפּענסיווע, — האָט דערקלערט ברעס. — ס'איז דער חודש מאַי, אין דער דאָזיקער צייט איז דער מאָנסום-ווינט זער אַ זעלטענער גאַסט. מיר וועלן אויסקלייבן עטלעכע דרייס-טע און מיר וועלן גיין ווייטער. די איבעריקע דאַרפן דאָ לאַגערן.

מאַלאָרי און אירווין האָבן די ערשטע דערקלערט, אַז זיי גייען. דערנאָך האָט זיך אויך געמאָלדן מאָרטשעד. מיט די טיבעטאַנער איז געווען שלעכט. נישט אַלע האָבן מסכים געווען צו גיין ווייטער. אַ טייל טיבעטאַנער זענען געלעגן אין לאַגער און שווער געקרעכצט. ביי איינעם האָט זיך כסדר געגאָסן בלוט פון דער נאָז, ביי אַ צווייטן איז אַרויס אויפן לייב אַ בלוטיקער שווייס. די באַרג-קראַנקהייט האָט זיך ביי זיי שטאַרק געלאָזט פילן.

— ווער גייט מיט אונז? — האָבן מאַלאָרי און ברעס איבערגעפרעגט ביי די טיבעטאַנער. בלויז פינף האָבן דער-קלערט, אַז זיי זענען גרייט ווייטער צו קלעטערן.

מאַלאָרי, אירווין, מאָרטשעד, ברעס און די פינף טי-בעטאַנער האָבן זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג אַריין,

איבערלאָזנדיק אין לאַגער די איבעריקע. זיי האָבן מיטגענו־ מען מיט זיך פּופּצן פּלעשער וויער־שטאָף, אַ סך אייזערנע שטריק, העק, שטעקנס א. ד. גל.

זיי האָבן זיך געזעגנט מיט די איבערגעבליבענע אין לאַגער. קאָן מען דען וויסן, צי מען וועט צוריקקומען פון אַזאַ קלעטערן צווישן אייז־מדבריות און ריזיקע אָפּגרונטן אונטער די פיס? קודם געזעגנט מען זיך. אַלע ווינטשן די דרייסטע מענער דערפאָלג, דער דאָקטאָר וואָלאַסטאָן, וואָס האָט אויך איצט אָנטייל גענומען אין דער עקספּעדיציע, פאַרזיכערט מאַלאָרין:

— אַז איר וועט באַוויייזן צו דערגרייכן צום שפּיץ פון עווערעסט, וועט דער באַרג־שפּיץ טראָגן אייער נאָמען, איך פאַרזיכער אייך.

— און אויב אַלע צוזאַמען? — וויצלט זיך מאַלאָרי.

— וועט מען וואַרפן אַ גורל, — ענטפערט דער דאָק־טאָר וואָלאַסטאָן מיט אַ שמייכל.

דעם 20־טן מאַי, 8 אַ זייגער אינדערפרי, לאָזט זיך די דרייסטע גרופּע אין וועג אַריין. מאַלאָרי איז געגאַנגען פאָרויס, הינטער אים — די איבעריקע דריי מיטגייער צו־זאַמען מיט די פינף טיבעטאַנער, וועלכע האָבן געטראָגן די נויטיקע זאַכן.

מ׳האָט געדאַרפט קלעטערן אויף ווענט פון אייז. אין פנים אַריין האָט געשמיסן אַ פראָסטיקער ווינט, וועלכער האָט אַזש געבריט די הויט פון געזיכט. כדי צו קאָנען זיך באַוועגן, האָט מען געמוזט אויסהאַקן טרעפּ אין אייז און אַזוי אַרום זיך מאַכן אַ וועג.

די איבערגעבליבענע אין לאַגער האָבן מיט לונעטעס נאָכגעפאָלגט מאַלאָריס גרופּע און געזען, ווי זיי באַוועגן

זיך קוים, ציִענדיק זיך אויפֿן ווייסן פּאָן פֿון שניי, ווי אַ קליין שנירל.

דער טערמאָמעטער האָט געוויזן 56 גראַד פֿראָסט! ווי נאָר מ'האָט זיך אַ רגע אָפּגעשטעלט, האָבן די פּיס אָנגעהויבן צו פֿרירן. אויפֿן פּנים האָט מען געמוזט אַרויפֿלייגן אַ גראָב שטיק פֿלאַנעל־שטאָף, לאָזנדיק בלויז אַן אָרט פֿאַר די אויגן און די נאָז.

אַזוי זענען זיי געגאַנגען ניין שעה נאָכאַנאַנד. געגאַנגען? ניין, זיי זענען נישט געגאַנגען, נאָר געקראָכן אויף אַלע פֿיר, אָנכאַפּנדיק זיך אַלע ווייל אָן אַ שפּיץ פֿון אַ פֿעלז, אָדער אָן אַ שטיק אייז אַלס אָנשפּאַר. די הענט זענען געלעגן איינגעטוליעט אין די בעסטע פֿוטערנע הענטשקעס, אָבער דאָס האָט ווייניק וואָס געהאָלפֿן. דער 56 גראַדיקער פֿראָסט האָט זיך אַדורכגעריסן דורך דעם דיקסטן שטאָף און געשטאָכן די הויט.

מאַלאָרי און אירווין האָבן דערפֿילט, אַז די פֿינגער פֿון די הענט באַוועגן זיך נישט מער. זיי האָבן געפּרוווט אויסטון די הענטשקעס, כּדי צו זען וואָס ס'איז געשען, אָבער די הענטשקעס זענען געווען, ווי צוגעוואַקסן צום פֿלייש.

— איצט איז ביטער, — האָט אירווין פֿאַרקרימט דאָס געזיכט, — די הענט זענען אָפּגעפֿרוירן, אַפֿילו די הענטשקעס זענען צוגעפֿרוירן צו דער הויט.

— מ'וועט דאָ מוזן פֿאַרלייגן אַ קליינעם לאַגער און זיך אָפּרוען, — האָט געענטפֿערט מאַלאָרי, ציִענדיק כּסדר די הענטשקעס פֿון די אָפּגעפֿרוירענע הענט. — מ'וועט אויפֿשטעלן אַ געצעלט, אויפֿקאָכן טיי, אפֿשר וועט ווער

בּעסער. יעדנפאַלס מוזן מיר דאָ זיך אָפּרוען. מיט קיין אָפּ־געפרוירענע הענט וועלן מיר העכער נישט קאָנען קלעטערן.

— נישט אַזוי לייכט צו נעמען דעם דאָזיקן עווערעסט, — האָט מיט אַ זיפץ אַ זאָג געטון ברעס, — אַמונדסענס עקס־פּעדיציע צום דרום־פּאָל איז אַ שפּילעכצל אַנטקעגן דער איצטיקער נסיעה. גיט נאָר אַ קוק: אויף טריט און שריט טויטלעכע געפאַרן, אָט איז איין אָפּגרונט, אָט אַ צווייטער און ווי אַזוי דראַפּעט מען זיך אַרויף, למשל, אויף דער דאָזיקער גלייכער וואַנט פון אייז און שניי? אַזאַ פראָסט, ווי מיר האָבן דאָ, טרעפט זיך אַפילו זעלטן אויף די פּאָלן. דאָרט אויפן פּאָל איז כאָטש דאָ גענוג לופט, דאָ קאָן מען אָבער קוים אָפּכאַפּן דעם אָטעם!

— אַלזאָ מיר בלייבן דאָ רוען, — האָט מאַלאָרי דער־קלערט.

ברעס האָט מסכים געווען. מ'האָט שנעל אויפגעשטעלט אַ געצעלט פון פוטער אויף אַ משופּעדיקן פעלז. קיין גלייך אָרט איז נישט געווען. דער משופּעדיקער פעלז איז געווען געפערלעך, ווייל ביי אַ שטאַרקן ווינט האָט דאָס געצעלט צוזאַמען מיט די באַרג־קלעטערער געקאָנט אַראָפּפליען אין אַן אָפּגרונט. נאָר קיין אַנדער ברירה איז נישט געווען. מ'האָט געמוזט אַריינקריכן אין געצעלט און ליגן אין אַ משופּע־דיקער פּאָזיציע.

מ'האָט אָנגעצונדן די ספּירט־מאַשינקע און אויפגעקאָכט טיי. מאַלאָרי און אירווין האָבן געריבן די אָפּגעפרוירענע הענט מיט שניי. ס'האָט ווייניק וואָס געהאָלפן. ביי מאַלאָ־רין זענען דריי פינגער פון דער רעכטער האַנט געווען ווייס און פאַרשטייפט. ברעס האָט געהאַט ביידע אויערן אָפּגע־

פֿרוירן און פֿון דער נאָז זענען אים אַראָפּגעהאָנגען צוויי אייז-צעפּלעך.

די 5 טיבעטאַנער, וועלכע זענען מיטגעגאַנגען מיט מאַלאָריס גרופּע, האָבן געבעטן, אַז מ׳זאָל זיי צוריק אָפּשיקן אין לאַגער, וואו ס׳האָבן זיך געפֿונען אַלע איבערגעבליבענע פֿון דער עקספּעדיציע. זיי האָבן געוויינט און געציטערט פֿאַר קעלט.

— מיר וועלן עס נישט איבערהאַלטן, — האָבן די טיבעטאַנער געקרעכצט.

ברעס האָט זיי געהייסן אַראָפּגיין אין לאַגער, זעענדיק, אַז קיין שום נוצן וועט מען איצט פֿון זיי סיי ווי סיי נישט האָבן. איצט זענען געבליבן די פֿיר ענגלענדער אַליין, אַליין צווישן שניי-ווענט, אייז-גלעטשערס און ריזיקע פֿעלזן. דאָס ערגסטע פֿון אַלץ איז געווען, וואָס מאָרטשעד האָט, אַרויפֿציענדיק זיך אויף די שטריק, פֿאַרלוירן דעם רוקזאַק מיט עסנוואַרג, וועלכער האָט זיך אָפּגעריסן און אַראָפּגעפֿאַלן אין אָפּגרונט אַריין.

ס׳איז בלויז געבליבן איין רוקזאַק מיט עסנוואַרג. אַ זער נישט אָנגענעמע זאַך אין אַזאַ העך. אָבער מ׳האָט איצט מיט אַלץ געמוזט שלום מאַכן.

די נאַכט איז צוגעפֿאַלן. דער פֿראָסט האָט זיך נאָך מער געשטאַרקט. אַזוי ווי קיין סך עסן איז נישט געווען, האָט מען זיך געלייגט שלאָפֿן הונגעריקע. אַלע פֿיר האָבן זיך אַריינגערוקט אין די פֿוטער־זעק און... מורא געהאַט אַנטשלאָפֿן צו ווערן. דער פֿראָסט פֿון קרוב 60 גראַד האָט געקאָנט דורכקריכן זיך דורך די פֿוטער־זעק און דאַן וואָלטן אַלע פֿיר דרייסטע בערג־קלעטערער איינגעשלאָפֿן אויף אייביק. און כאָטש די אויגן האָבן זיך פֿאַרמאַכט און ס׳האָט

זיך שטאַרק געוואָלט שלאָפן, האָבן די פיר העלדן געוואַל־דיק געקעמפט מיטן שלאָף.

אינדרויסן האָט געפייפט און געהוזשעט אַ ווינט און ס'איז אַ געפאַלן אַ געדיכטער שניי. די ווענטלעך פון געצעלט האָבן זיך געריסן הין און צוריק. און דער ווינט האָט זיי געפּאַטשט און געוואָרפן אין אַלע זייטן.

פאַרטאָג זענען אַלע איינגעשלאָפן. מ'האָט שוין מער נישט געהאַט קיין כח צו באַקעמפן דעם שלאָף.

אַרום 10 אַזייגער האָבן זיי זיך אויפגעריסן פון שלאָף. ביי אַלע פיר האָט שרעקלעך וויי געטון דער קאָפּ. פון דער נאָז איז גערונען בלוט. אַמשוואַכסטן האָט זיך דערפילט מאָרטשעד. ער האָט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט און איז געבליבן ליגן איינגעטוליעט אין פוטערנעם זאַק.

— גייט אַליין, לאָזט מיך דאָ איבער, — האָט מאָר־טשעד געבעטן. — מיט מיר וועט איר בלויז האָבן אַ קאָפּ־פאַרדרייעניש. איך בין נישט בכח צו געבן אַ טריט. איך גלויב, אַז צוריקגייענדיק, וועט איר נישט פאַרגעסן אָן מיר. זאָל אייך דער וועג זיין גליקלעך.

— גוט, מיר וועלן גיין, אָבער מיר לאָזן דאָ איבער די פלעשער מיט זויערשטאָף און די אַפּאַראַטן צום קינסטלעכן אָטעם, — האָט מאַלאָרי דערקלערט. — זיי זע־נען נישט מער, ווי אַן איבעריקער באַלאַסט. איצט, ווען מיר האָבן נישט מער די היבעטאַנצר, וועלן די ראָזוי־קע מכשירים אונז בלויז שטערן צו קלעטערן.

— אָבער עס וועט אייך דאָך אויספעלן לופט, — האָט מאָרטשעד באַמערקט.

— פאַרפאַלן, ווי לאַנג מיר וועלן קאָנען, וועלן מיר אויסהאַלטן, — האָט אירווין געענטפערט.

— טאָ זייט מיר געזעגנט, — האָט מאָרטשעד זיך מיט זיי צעקושט. זיי האָבן גענומען אַביסל עסן, עטלעכע פלעשער קאָניאַק און זיך געלאָזט אין וועג אַריין — אַרויף צום שפּיץ פון עווערעסט. „פאַר יעדן פרייז מוזן מיר אים דערגרייכן, פאַר יעדן פרייז!“ האָט יעדער פון די דריי געטראַכט.

איצט איז דאָס דראַפּען זיך אויף די אייז-ווענט און באַשנייטע פעלזן געווען אַ קלייניקייט. דאָס קריכן אויף אַלע פיר און דאָס אַריבערשפּרינגען איבער אָפּגרונטן איז געווען נישט אַזוי שרעקלעך, ווי דער מאַנגל אין זויערשטאָף, אין לופט. ס'איז נישט געווען מיט וואָס צו עטעמען. די לופט איז געווען שטאַרק שיטערלעך. די הענט און פיס האָבן אַלע ווייל זיך אָפּגעזאָגט צו דינען, אין קאָפּ האָט געמישט. פאַר די אויגן זענען געשפּרונגען רעדער.

אָבער די דריי מענטשן זענען געווען איינגעשפּאַרט. זיי זענען געקראָכן אַלץ העכער און העכער. דער שפּיץ פון עווערעסט איז שוין געווען אַזוי נאָנט, כאָטש מיט דער האַנט צו דערגרייכן. אָבער דאָס האָט זיך בלויז אַזוי אַרויסגעוויזן פאַרן אויג. דאָס איז געווען די געוויינלעכע אָפּטישע אָפּנאַרעריי, וועלכע מען באַגעגנט אין די בערג. אָט דוכט זיך, אַז מען קאָן דעם באַרג מיט דער האַנט דערגרייכן און פאַקטיש זענען געווען היפּשע עטלעכע טעג ביז מען דערגרייכט אים.

מאַלאָרי האָט אַ קוק געטון אויפן באַראָמעטער און זיין מיד געזיכט האָט אויפגעשיינט. מיט די לעצטע פּוחות האָט ער אויסגערופן:

— מיר געפינען זיך אויף אַ הויכקייט, אויף וועלכער קיין שום לעבעדיקער מענטש האָט זיך ביז איצט נאָך נישט

געפונען. מיר געפינען זיך אויף אַ הויכקייט פון 8169 מעטער!

— מיר האָבן געשלאָגן דעם רעקאָרד! — האָט אירווין באַמערקט.

— דעם רעקאָרד וועלן מיר שלאָגן, ווען מיר וועלן שטיין אויפן שפּיץ פון עווערעסט, — האָט ברעס צוגעגעבן.

זיי האָבן נאָך געהאַט אַרויפצושטייגן איבער 700 מעטער. אָבער אָט די דאָזיקע 700 מעטער זענען געווען דער ריזיקאַלישסטער און שווערסטער עטאַפּ פון דער עקספּעדיציע.

— גיין ווייטער! — האָט מאַלאָרי, ווי צו זיך אַליין געזרעדט — זאָלן מיר איינשטעלן דאָס לעבן?

אירווין און ברעס האָבן נישט געענטפערט. ס׳איז זיי שווער געווען צו רעדן. זיי האָבן נישט געקאָנט האַלטן אָפן די אויגן און די קניען האָבן זיך ביי זיי געבויגן. חוץ דעם האָט ברעס באַקומען אַ ספּאַזם אין האַלז און ער האָט זיך כּסדר געשטיקט. מאַלאָרין איז גערונען בלוט פון נאָז און מויל. אַלע האָבן זיך דערפילט שרעקלעך שלעכט.

זיי האָבן זיך אָװעקגעלייגט אויף אַ שטיק אייז און געשוויגן. אירווין האָט שטיל געמורמלט:

„8169 מעטער... 8169 מעטער...״

— איך גיי נישט ווייטער! — האָט ברעס דערקלערט מיט אַ קאַטעגאָרישן טאָן, — טאָמער גייען מיר נאָך אַ הונדערט מעטער העכער, וועלן מיר זיכער אומקומען. מיר מוזן שנעל אַראָפּשטייגן, ווייל עס פאַלט צו די נאַכט און מיר מוזן באַוויזן אָנצוקומען אין אונזער לאַגער.

— צום טייוול! — האָט אירווין אַ ברום געטון,—דער מאָונט-עווערעסט לאָזט זיך בשום אופן נישט באַזיגן! ווי

שוואַך איז נאָך דער מענטשלעכער מין, אַז אין די צייטן פון ראַדיאָ שטייט נאָך דער דאָזיקער ריז אין זיין יונג־פרוילעכער אומשולד, אַ נישט־באַזיגטער.

— לאָמיר שנעל אַראָפּגיין, — האָט ברעס געגעבעטן מיט אַ שוואַכער שטים, — איך שטיק מיך.

שטילשווייגנדיק האָבן זיי זיך צוגעבונדן מיט אייזער־נע שטריק און זיך גענומען אַראָפּלאָזן. מיט אויסערגעוויינ־לעכער אָנשטרענגונג זענען זיי אין צוויי שעה אַרום צוגע־קומען צום אָרט, וואו זיי האָבן איבערגעלאָזט מאָרטשעדן.

מאָרטשעד איז נאָך אַלץ געלעגן אין זיין פוטער־זאַק און לייכט געדרימלט. ווען ער האָט דערהערט אַ גערויש האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און, דערזעענדיק אַזוי שנעל צו־ריק זיינע חברים, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זייער טרחה איז געווען אַן אומזיסטע.

— נו? — האָט ער געפרעגט מיט אַ שטומען בליק.

— 8169 מעטער, ווייטער גייט עס נישט,—האָט מאַלאָ־רי געענטפערט.

— ווייטער גייט עס יאָ, — האָט אירווין צוגעגעבן, — אָר ווייטער גייט בלויז דער טויט...

מאָרטשעד האָט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט און יאָ האָט מען געדאַרפט אַראָפּגיין צום לאַגער, וועלכן זיי האָבן איבערגעלאָזט אויף דער הויכקייט פון 7015 מעטער. ס'איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה. מ'האָט מאָרטשעדן צוגעבונדן צו דער אייזערנער שטריק, מיט וועלכער אַלע דריי זענען געווען געבונדן, ווייל גיין אין די הימאַלאַיען נישט צוגעבונדערהייט איז געווען אוממעגלעך. מ'האָט לייכט געקאָנט פאַרבלאָנדזשעט ווערן אין די בערג, אָדער אַריינ־

פאַלן [illegible]רן פון [illegible]ונט. אַזוי אַרום האָט אײנער דעם אַנדערן געהאַלטן און צוליב דעם איז מען געווען זיכערער.

דער וועג אַראָפּ איז געווען נישט לײכטער, ווי דער וועג אַרויף. זײ האָבן אַלע ווײל זיך געמוזט אָפּרוען, כּדי אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. מאָרטשעד האָט קוים געשלעפּט די פיס און מ׳האָט אים געמוזט אונטערהאַלטן. צוליב דעם געדיכט־אָנגעפאַלענעם שניי איז דער וועג געוואָרן נאָך מער געפערלעכער, ווײל בײ אײן אומפאָרזיכטיקן טריט האָט מען זיך געקאָנט אַראָפּגליטשן אין אַן אָפּגרונט אַרײַן.

פּלוצלינג האָט מאָרטשעד אַ געשרײ געטון. ער האָט זיך אויסגעגליטשט און צוזאַמען מיט אַ באַרג שניי געגומען אַראָפּפאַלן, מיטשלעפּנדיק מיט זיך זײנע דרײ חברים אין אָפּגרונט אַרײַן.

אַ סעקונדע האָט זיך זײ אויסגעדוכט, אַז אָט אָט וועלן זײ צעשמעטערט ווערן אויף פיצלעך. זײ האָבן שוין געזען דעם שרעקלעכן תּהום אונטער די פיס. אָבער זײ זענען נצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט אויף אַ וואונדערלעכן אופן. ווען מאָרטשעד האָט גענומען אַראָפּפאַלן און זײ מיט־געשלעפּט האָט זיך די אײזערנע שטריק פאַרטשעפּעט אין שפּיץ פון אַ פעלז און אַלע פיר זענען געבליבן הענג[illegible]ן איבערן אָפּגרונט.

מאַלאָרי האָט זיך דער ערשטער צוריק אַרויפגעדראַ־פּעט אויף דעם פעלז. דערנאָך האָבן דאָסזעלבע געטון די איבעריקע. אַזוי אַרום זענען זײ געראַטעוועט געוואָרן פון אַ שרעקלעכן טויט אין אײנעם פון די אָפּגרונטן אין די הימאַלאַיען בערג.

נאָך דעם דאָזיקן פאָרפאַל האָבן זײ גענומען גײן פאָרזיכטיקער. אָבער כאָלטשעד האָט זיך פון מינוט צו מי־

נוט דערפילט ערגער. ער האָט כסדר געהאַלטן אָפן דאָס מויל און געשלונגען די לופט. ער האָט זיך שטאַרק גע־שטיקט. מ'האָט אים געמוזט פירן און ביים אַריבערשפּרינ־גען פאַרשידענע שפּאַלטן האָבן די דריי ענגלענדער געמוזט זייער חבר טראָגן.

די נאַכט איז שנעל צוגעפאַלן און צום לאַגער איז נאָך געווען אַ היפּשער וועג. מאַלאָרי האָט אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע לעמפּל און געגאַנגען פאָרויס. אירווין און ברעס האָבן געפירט, אָדער געטראָגן מאָרטשעדן. איידער מ'האָט געשטעלט אַ טריט, האָט מען לאַנג פריער געפאָרשט דאָס געגעבענע אָרט, צי ס'איז נישטאָ קיין אָפּגרונט, צי עס לאָזט זיך נישט אַראָפּ קיין גלייכע וואַנט, צי גליטשט זיך נישט אַראָפּ קיין שניי־לאַווינע.

פּלוצלינג זענען זיי צוגעקומען צו אַן אָרט, וואו ווייטער איז אוממעגלעך געווען צו גיין. עס האָט זיך פאַר זייערע פיס אַראָפּגעלאָזט אַ וואַנט פון צוועלף מעטער די לענג. ווי אַזוי גייט מען דאָ שפּרינגען? אַזאַ שפּרונג איז ווי עס געלינגט. אַמאָל קאָן מען זיך ראַטעווען און אַמאָל קאָן מען זיך צושמעטערן דעם קאָפּ.

זיי האָבן באַשלאָסן צו שפּרינגען. דער ערשטער האָט אַ שפּרונג געטון מיט די לעצטע כוחות ברעס. ער איז אַרויפגעפאַלן אויף אַ באַרג שניי און זיך גאָרנישט געטון. מאַלאָרי האָט זיך ביים שפּרינגען שטאַרק צעקלאַפּט די האַנט און ער האָט דערביי געליטן שטאַרקע יסורים. דערנאָך האָט אירווין גענומען מאָרטשעדן אויף דער האַנט און איז מיט אים אַראָפּגעשפּרונגען. זיי זענען ביידע אַרויפגעפאַלן אויף אַ שטיק אייז און זיך צעקלאַפּט דעם גאַנצן קערפּער. ביי־דע האָבן ביטער געקרעכצט, אָבער נישט קוקנדיק אויף די

יסורים, זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג אַריין, אַראָפּ צום לאַגער פון די איבערגעבליבענע אָנטיילנעמער אין דער עקס־פּעדיציע.

עטלעכע שעה צייט האָבן זיי געמוזט קריכן אין דער פינצטערניש, ווייל בעתן שפּרינגען איז ביי מאַלאָרין צע־בראָכן געוואָרן דאָס עלעקטרישע לעמפּל. זיי האָבן נאָר מורא געהאַט פאַר איין זאַך: נישט פאַרבלאָנדזשעט צו ווערן. פאַרבלאָנדזשען אין די הימאַלאַיען־בערג באַדייט אַ זיכע־רער טויט.

זיי זענען געגאַנגען טריט ביי טריט, געשפּרונגען איבער פעלזן, זיך אַראָפּגעגליטשט פון שניי־בערגלעך און צוליב דער פינצטערניש נישט געוווּסט, ווו זיי געפינען זיך. נאָך פינף, זעקס שעה וואַנדערן אויף אומבאַשטימטע וועגן, האָט אירווין דערזען פון דערווייטנס אַ פייערל. מיט קלאַפּנ־דיקע הערצער האָבן זיי זיך געלאָזט אין דער דאָזיקער ריכטונג און נאָך צוויי שעה קלעטערן איבער שטיינער און פעלזן, איבער אייז־גלעטשערס און שניי־בערגלעך זענען זיי אויסגעמאַטערטע, טויט־מידע אַריינגעפאַלן אין לאַגער אַריין אַ צום דריי ביינאַכט.

זיי זענען געווען אַזוי דערשעפּט און טויט מיד, אַז קיינער פון זיי האָט נישט געקאָנט אויסרעדן קיין וואָרט, אַלע פיר זענען אַוועקגעפאַלן אויף דר'ערד און אַנטשלאָפן געוואָרן.

נאָכדעם האָט מאַלאָרי דערקלערט, אַז זיי זענען פּשוט געראַטעוועט געוואָרן דורך אַ נס. ער גופא איז געווען זי־כער, אַז זיי וועלן שוין קיין לעבעדיקע נישט אומקערן זיך אין לאַגער. דער עיקר האָט זיי געפייניקט דער מאַנגל אין לופט. געפינענדיק זיך אויף דער הויכקייט פון איבער 8000

מעטער, האָבן זיי אַלע געהאַט דעם איינדרוק, אַז זיי וועלן ביסלעכווייז דערשטיקט ווערן.

— איין נס האָבן מיר געהאַט, — האָט מאַלאָרי דער־ציילט וועגן זיין געפערלעך קלעטערן, — דער נס איז באַ־שטאַנען דערין, וואָס אַראָפּגייענדיק צום לאַגער האָבן מיר נישט געהאַט קיין ווינט. וואָלט אונז דאַמאָלס געטראָפן איי־נער פון די געוויינלעכע שטאַרקע ווינטן, וואָס הערשן אין די בערג, וואָלטן מיר שוין קיין גאַנצע נישט אַרויס. אונ־זערע טויטע קערפּערס וואָלטן זיך שוין געוואַלגערט ערגעץ צושמעטערטע אָן אַ פּעלזיקן שפּיץ. דער ווינט וואָלט אונז דאָרטן אַראָפּגעשטופּט.

## דער עטערעסט בלייבט אומבאַזיגבאַר

צום צווייטן מאָל איז נישט געלונגען די אָפּענסיוועס, וואָס די דרייסטע ענגלענדער האָבן אָנגעהויבן קעגן דעם מעכטיקן הימאַלאַיען־ריז. ס׳האָט קיינעם נישט אָפּגעשראָקן די שרעקלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע ס׳איז אויסגעקומען דורכצומאַכן די צוויי עקספּעדיציעס, ס׳האָט קיינעם נישט אָפּגעשראָקן די קרבנות, וועלכע דער מענטש האָט געבראַכט דעם מאָונט־עווערעסט. דיזעלבע מענטשן, וואָס האָבן איבער־געלעבט בעת די עקספּעדיציעס אַזויפיל שוידערלעכע מאָמענטן, וועלכע האָבן צענדליקער מאָל געזען דעם טויט פאַר די אויגן, דיזעלבע מענטשן האָבן צום דריטן מאָל באַשלאָסן אָנצוהויבן אַן אַטאַקע אויף דעם איינגעשפּאַרטן מאָונט־עווע־רעסט.

דאָס דערגרייכן דעם העכסטן פּונקט פון דער וועלט

איז איצט געוואָרן אַ פראַגע פון לעבן און טויט פאַר די דאָזיקע אומדערשראָקענע נאַטור-פאָרשער. נישטאָ קיין רעזיג-נאַציע ביי די, וועלכע ווילן אַרויסרייסן די פאַרבאָרגענע סודות פון דער נאַטור. זיי זענען גרייט צו קעמפן ביז צום שטאַרבן.

די מענטשן, וואָס זענען איצט צום דריטן מאָל אַוועק אין יענעם קעניגרייך פון אייז-גלעטשערס, מאָנסום-ווינטן און מוראדיקע אָפגרונטן, האָבן געוווסט, אַז זייער לעבן איז ניין-און-ניינציק פראָצענט איינגעשטעלט און דאָך זענען זיי מיט פרייד צום דריטן מאָל געגאַנגען אין דער שלאַכט מיטן מעכטיקן קעניג פון די בערג.

— ווער וועט זיגן: דער מענטש, צי דער הויכער ריז, וואָס שפּאַרט אונטער די הימלען מיט זיין ווייסן קאַרק?

אָט די דאָזיקע פראַגע האָבן זיך אַלע געשטעלט, ווען דער ענגלישער קאַפּיטאַן פינטש, ברעס, מאַלאָרי און אירווין האָבן זיך צום ד ר י ט ן מאָל געלאָזט צום מאָונט עווערעסט.

דעם 25-טן מאַי 1923 האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויפשטייגן אויפן באַרג טשאָנגלאַ, וועלנדיק אין דער הויך פאַרלייגן אַן אָפּרו-לאַגער. אָבער שוין ביי 7700 מעטער האָט אָנגע-הויבן צו פאַלן אַ געדיכטער שניי און אַן אייז-קאַלטער ווינט האָט געקנייפּט דאָס געזיכט. זיי האָבן זיך אָבער וויי-ניק וואָס אָפּגעשראָקן פאַר די שנייען און קאַלטע ווינטן און זענען געשטיגן העכער. אויף אַ הויך פון 7777 מעטער האָבן זיי אויפגעשטעלט די געצעלטן, די טיבעטאַנער, וועלכע האָבן מיטגעטראָגן די נויטיקע מכשירים און עסנוואַרג, האָבן אַלץ אַריינגעלייגט אין לאַגער און זיך אומגעקערט צוריק אַהיים. זיי האָבן נישט געוואָלט, ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט, „דערבייזערן די גייסטער פון די בערג".

נאָכדעם, ווי די טיבעטאַנער זענען אַוועק, זענען די פיר העלדישע באַרג-קלעטערער געבליבן אַליין אין זייער געצעלט, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ שמאָלן פעלז, פון וועלכן ס'האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ לאַנגע צווייהונדערט מעטערדיקע וואַנט.

„ווען דער ווינט וואָלט געווען אַ ביסל שטאַרקער, — האָט שפּעטער דערציילט דער קאַפּיטאַן פינטש, — וואָלט ער אַראָפּגעריסן אונזער געצעלט און מיר וואָלטן אַראָפּגעשלייַדערט געוואָרן אין אַ טיפקייט פון צוויי הונדערט מעטער. אַ גאַנצע נאַכט האָבן די ווינטן געקלאַפּט אין די ווענט פון אונזער געצעלט און מיר האָבן מיט די אָרעמס כסדר צוגעהאַלטן די ווענטלעך, אַז דער ווינט זאָל זיי נישט דורכרייסן".

אַרום איינס בייַנאַכט האָט זיך אויפגעהויבן אַזאַ שטורעם-ווינט, אַז דאָס הוישן און ברומען פון הוראַגאַן האָט געמאַכט אוממעגלעך צו הערן איינער דעם אַנדערן. דער פּראַקטיקער ווינט האָט זיך אַריינגעריסן אין געצעלט און אַפילו זיך אַרונטערגעריסן אונטער די דיקע קאָלדרעס, מיט וועלכע מ'האָט זיך אַרומגעהילט.

אין אַזעלכע באַדינגונגען פאַרברענגען די דאָזיקע פיר אומדערשראָקענע מענטשן צוויי מעת-לעת, וואַרטנדיק ביז דער שטורעם-ווינט וועט אַוועק, כדי צו קאָנען זיך לאָזן גלייך צום עווערעסט.

ווען דער ווינט האָט זיך איינגעשטילט, האָבן די פיר מענטשן אָנגעצונדן אַ פלאַם פון ספּירט און מיט דער הילף פון פלאַם געלאָזט צוגיין אַביסל שניי. דעם צעגאַנגענעם שניי האָבן זיי געטרונקען, דערפרישנדיק זיך און, שטילנדיק דעם דורשט, וואָס האָט זיי אָנגעהויבן צו פייניקן.

דערנאָך האָבן זיי אָנגעטון די אַפּאַראַטן מיט וויער־שטאָף און זיך געלאָזט קלעטערן אַלץ העכער און העכער צו דעם שפּיץ פון דער געהיימניספולער טשאָמאַלונגמאַ.

זעקס שעה זענען זיי אַזוי געגאַנגען צווישן לעבן און טויט, ווייל פון יעדן ווינקעלע, פון יעדן פונקט האָט געלויערט אויף זיי די געפאַר פון פאַרניכטונג.

און באַלד זענען זיי צוגעקומען צו אַ הויכקייט, צו וועלכער קיין שום לעבעדיקער נפש האָט נאָך נישט דער־גרייכט. זיי האָבן זיך געפונען 8326 מעטער אין דער הויך. סך־הכל 500 מעטער האָט זיי צוגעפעלט, כדי צו קאָנען אַרויפשטעלן זייערע פיס אויפן שפּיץ פון מאָונט־עווערסט!

ווייטער אָבער האָבן זיי נישט געקאָנט גיין. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס זיי האָבן איינגעאָטעמט וויער־שטאָף, האָבן זיי שרעקלעך געליטן פון לייכטן לופט־דרוק. די קער־פּערס זענען געווען באַדעקט מיט אַ בלוטיקן שוויים, אין די אויערן האָט געזשומעט, אין קאָפּ האָט געשווינדלט, די פיס האָבן זיך קוים באַוועגט, ס׳איז געווען לחלוטין אוממעגלעך צו גיין. די שיטערקייט פון דער לופט אין די הויכע ספערן האָט אַוממעגלעך געמאַכט יעדע ווייטערדיקע באַוועגונג אין דער הויך אַרויף. נאָך פינף הונדערט מעטער האָט מען גע־דאַרפט קלעטערן, אָבער מ׳האָט זיך אומגעקערט צוריק.

נישט קוקנדיק דערויף האָבן מאַלאָרי און אירווין אין צוויי חדשים אַרום ווידער זיך געלאָזט אויף אַן אַטאַקע קעגן דעם העכסטן באַרג־ריז פון דער וועלט. די צוויי עקשנות־דיקע ענגלענדער האָבן בשום אופן נישט געוואָלט רעזיג־נירן פון זייער זיג איבערן מאָונט־עווערסט.

דעם 6־טן יוני 1923 האָבן מאַלאָרי און אירווין זיך געלאָזט אין די בערג צוזאַמען מיט 15 טיבעטאַנער טרע־

נער. זיי האָבן געקלעטערט ביי אַ 23 גראַדיקן פראָסט. אויפן דריטן טאָג האָט פלוצלינג אָפּעהילכט אין די בערג אַ דו־נער, עס האָט זיך אָפּגעריסן אַ ריזיקער שניי־וואָלקן, אַראָפּ־פאַלנדיק גלייך אויף די בערג־קלעטערער. מאַלאָרי, אירווין און דריי טיבעטאַנער זענען ווי דורך אַ נס געראַטעוועט געוואָרן, ווייל זיי זענען אַרונטערגעשליידערט געוואָרן אונ־טער אַ פעלז, אָבער די רעשט עלף טיבעטאַנער האָט די שניי־לאַווינע אַ שלעפּ געטון אין אַ טיפן אָפּגרונט, וואו זיי האָבן געפונען זייער אייביקע רו.

מאַלאָרי און אירווין זענען געווען שטאַרק דערשלאָגן פון דער דאָזיקער טראַגעדיע און זיי האָבן דערווייל באַ־שלאָסן אומצוקערן זיך צוריק אַהיים. דערביי האָבן זיי דער־קלערט פאַר פרייַנט און באַקאַנטע, אַז זיי האָבן נאָך אַלץ נישט רעזיגנירט פון אַרויפקלעטערן אויפן העכסטן אָרט פון דער וועלט. דאָס דערגרייכן צום שפּיץ פון עווערעסט איז געוואָרן די איינציקע אויפגאַבע אין זייער לעבן.

— אין יאָר 1924 מוזן מיר זיין אויפן שפּיץ פון מאָונט־עווערעסט! — האָבן ברעס, מאַלאָרי און אירווין דע־פּעשירט צום לאָנדאָנער „טיימס".

אין מאַי 1924 איז טאַקע אַוועק אַ פערטע עקספּע־דיציע צום מאָונט־עווערעסט, אָבער דאָסמאָל האָט זיך די דאָזיקע אונטערנעמונג זער טראַגיש געענדיקט און געוואָרנט אַלע אַנדערע נישט צו לאָזן זיך מער אין קיין קאַמף מיט דער אומבאַזיגבאַרער טשאָמאָלונגמאַ.

דעם 6־טן יוני זענען מאַלאָרי און אירווינג אַליין אַוועק פון לאַגער, כדי „צו געבן דעם מאָונט־עווערעסט, — ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט, — דעם לעצטן און דעצי־דירנדיקן קלאַפּ". אָבער דער עווערעסט האָט זיי שאַרף באַ־

שטראָפט פאַר דער „חוצפה" זיך אַריינצובורייסן אין זיין גע־היימניספולן קעניגרייך אויפן העכסטן אָרט פון דער וועלט.

מאַלאָרי און אירווין זענען מער אין לאַגער נישט צו־ריקגעקומען. מ'האָט זיי געזען און אָפפאָטאָגראַפירט (מיר גיבן דאָ די דאָזיקע פאָטאָגראַפיע), קלעטערנדיקע אויף אַ הויכקייט פון 7920 מעטער. מער האָט מען זיי שוין נישט געזען, זיי האָבן זיך שוין מער אין לאַגער נישט אומגע־קערט.

צי האָבן זיי דערגרייכט דעם שפּיץ פון מאָונט־עווע־רעסט און, אַראָפּגייענדיק אומגעקומען? דאָס איז שווער צו וויסן. מ'האָט לאַנג אַרומגעזוכט זייערע טויטע קערפּערס אין די בערג און נישט געפונען.

פאַר זייער דרייסטקייט און אומדערשראָקנקייט האָבן מאַלאָרי און אירווין באַצאָלט מיטן לעבן. אומברחמנותדיק איז די נקמה פון דעם מאָונט־עווערעסט. אָבער נישט־גע־קוקט דערויף, וועט דער אומדערמידלעכער מענטשלעכער זשעני נישט רוען, ביז וואַנען ער וועט נישט אַרויפשטייגן און באַהערשן דעם העכסטן באַרג־ריז פון דער וועלט.

אין דעם קאַמף צווישן דעם מאָונט עווערעסט און דעם מענטש, וועט, אָן שום ספק, דער מענטשלעכער זשעני אַרויס אַלס זיגער.

(ס ו ף)

## ביז איצט דערשינענע ביכלעך פון „גראָשן-ביבליאָטעק"

1. ראָבערט סמיט, מאַטאַ-הררי — טענצערין-שפּיאָן.
2. א. קעלסאָן. אַמעריקאַנער מיליאָנערן.
3. מ. האַרטמאַן. צווישן טראָן און ליבע (טראַגעדיע פון דער האַבסבורגער דינאַסטיע
4. ס. האָפּקינס. בעגיאָלע סיפיליטיקער.
5. פּ. וועטשעלי מאַנאָלעסקו, דער קעניג פון די גנבים.
6. סלאָנימסקי. ג. גאַפּאָן, גלח-פּראָוואָקאַטאָר.
7. מ. גרינאָרביוס. לוקרעציאַ באָרדזשיאַ.
8. גראַף פּאָטאָצקי. דער גר-צדק.
9. ראָבערט סמיט. אַלפרעד רעדל, דער עסטרייכישער אַזעף
10. פּריטאַף לאַרסאָן. אין די נעגל פון ווייסן טויט. (נאָבילעס עקספּעדיציע צום צפון-פּאָל).
11. ק. מאָשקאָוויטש. דאַנטאָן, דער גאָון פון דער פראַנצ. רעוואָלוציע.
12. מ. האַרטמאַן. לעדי האַמילטאָן.
13. ב. גבריאלי. שאול וואהל, דער ייד. קעניג פון פּוילן.
14. ש. בערגמאַן, לעוו טראָצקי, די טראַגעדיע פון אַ רעוואָלוציאָנער.
15. ח. פריידבערג. דער טרוימער פון אָקעאַנען (קריסטאָף קאָלומבוס).
16. קאַגאַן, אסתרקע, די פּוילישע אסתר-המלכה.
17. מ. קאָראָלין. דער קייזער פון אַ רעפּובליק (יוליוס צעזאַר).
18. ב. סערלין. די העטערע אויפן טראָן (יעקאַטערינאַ II).
19. פּ. זילבערמאַן. שבתי צבי, דער פאַלשער משיח.
20. אַלעקסאַנדער סיעראָוו. ווי אַזוי האָט מען דערהרגעט אַלעקסאַנדער דעם II
21. סט. מייזנער. דער כשוף-מאַכער פון אונזער צייט (טאָמאַס עדיסאָן).
22. ג. סלאָנימסקי. דער בונט אויף דער פאַנצער שיף „פּאָטיאָמקין".
23. ק. מאָשקאָוויטש. דער נביא פון מעקאַ (מאַכמעד).
24. י. טאַגאַן. יעקב פראַנק.
25. מ. האַרטמאַן. פון טראָן אויף דער תליה (מעריאַ סטיואַרט).
26. מ. קאַנטאָר. סערגיי מיאַסאָיעדאָוו (פאַררעטער צי קרבן ?)
27. ש. בערגמאַן. יעוונאָ אַזעף — דער רעוואָלוציאָנער.
28. ש. בערגמאַן. אַזעף ראַסקין — דער פּראָוואָקאַטאָר.
29. מ. האַרטמאַן. מאַנאָן לעסקאָ.
30. קאָראָלין. נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט.
31. א. סיעראָוו. איוואַן דער גרויזאַמער.
32. י. קאַגאַן. דוד הראובני (דער יידישער פירשט).

33. ק. מאָשקאָוויטש. ווי אזוי מ'האָט אַרויסגענומען די 10 ארעס. פון פּאַוויאַק.
34. י ק. סימכאָוויטש. די טראַגעדיע דרייפוס.
35. י. ק. סימכאָוויטש. דער מערטירער פון טייוולס-אינזל.
36. ש. בערגמאַן. אויפשטאנד אויף סטאָליפּינען.
37. ה. קאַפּעלמאַן. אַלבערט איינשטיין.
38. א. קעלסאָן. דער אטענטאט אין סעראַיעוואָ.
39. נ. סלאָנימסקי. פּיאָטר קראָפּאָטקין (פּירסט-רעוואָלוציאָנער).
40. ק. מאָשקאָוויטש. לענין (ערשטער טייל).
41. ק. מאָשקאָוויטש. לענין (צווייטער טייל).
42. ק. שימכאָוויטש. דער אָנפאַל ביי ראַגאָוו.
43) מ. האַרטמאַן. סאַרא בערנאַר.
44. ש. בערגמאַן. ברוך שפּינאָזא (דער גענִיאַלער אפּיקורס).
45. מ. גרעגאָריוס. דזשוזעפּע גאַריבאַלדי.
46. ק. מאָשקאָוויטש. טאָרקוועמאַדאָ.
47. ק. מאָשקאָוויטש. ספּאַרטאַקוס.
48. ב. סאַווינקאָוו. ווי אזוי מיר האָבן דערהרגעט פּלעווען?
49. י. ק. סימכאָוויטש. גריגאָרי גערשוני.
50. ד. קאַפּעלמאַן. פראַנציסקא פערער
51. נ. סלאָנימסקי. הירש לעקערט.
52. מ. קאַראַלין. יאָסיף דזשוגאַשווילי (סטאַלין).
53. ק. מאָשקאָוויטש. דער בלוטיקער מיטוואָך.
54. מ. גאָלדשטיין. אַלפאָנס XIII.
55. א. וויינשטיין. י. מ. קאַפּלינסקי.
56. י. מ. קאַפּלינסקי. דער ווידוי פון א פּראָוואָקאַטאָר.
57. ד. קאַפּעלמאַן. קייזער נעראָן.
58. ב. סאַווינקאָוו. די הריגה פון גרויספירשט סערגיי
59. מ. קאַראַלין. די רעוואָלוציע אין ענגלאַנד
60. ק סימכאָוויטש. פערדינאַנד לאַסאַל.
61. ק. מאָשקאָוויטש. מאַראַט (דער פרייַנד פון פאָלק.
62. ד. קאַפּעלמאַן. מאַהאַטמאַ גאַנדי.
63. א. ב. כריידקין. היינריך היינע (דער גענִיאַלער ליריקער).
64. נ. סלאָנימסקי. אטענטאט אויפן גענעראַל-גובערנאַטאָר סקאַלאָן.
65. ד. קאַפּעלמאַן. מוסאָליני.
66. ד. קאַפּעלמאַן. די טראַגעדיע מאַטעאָטי.

67. ל. בערנשטיין. ווי אזוי מ׳האט ארויסגעגנבעט פילסודסקין פון תפיסה־שפיטאל?
68. י. ק. סימכאָוויטש. דער ליעווער בלוט־בלבול (בייליס פראצעס) ערשטער טייל
69. י. ק. סימכאָוויטש. דער קאַמף פאר גערעכטיגקייט (צווייטער טייל).
70. י. ק. סימכאָוויטש. דעו זיג פון אמת III
71. נ. קאראַלין. ביסמארק, דער אייזערנער קאנצלער.
72. ק. מאַשקאָוויטש. קארל מארקס.
73. ג. סלאָנימסקי. די רוסיש־יאפאנישע מלחמה.
74. אנרי שארזאָן. די פאריזער קאָמונע. (I טייל).
75. אנרי שארזאָן. דאָס פאלן פון דער קאָמונע (II טייל).
76. קאָפל דוא. די רעוואָלוציע אין דייטשלאנד.
77. א. ביילין. דער קישיניעווער פאָגראָם.
78. ק. מאַשקאָוויטש. ווי אזוי איז אויסגעבראכן די וועלט־מלחמה?
79. סט. מייזנער. דער קעניג פון די שוועבעלעך. (קרויגער)
80. א. ב. פריידקין. דער גאון פון ווימאר. (געטע)
81. ק. ווארשאַייסאי. דער שטורמער פון אָקעאן. (לינדבערג)
82. י ק. סימכאָוויטש. דער אונטערגאנג פון „טיטאניק״.
83. י. ק. סימכאָוויטש. דער מאָרד אין קלויסטער (מאצאָך־פראָצעס).
84. י. ק. סימכאָוויטש. מאצאָך,פראָצעס. (צווייטער טייל)
85. ד״ר י. פרומקין. פריסטאָרס מטעגטאַט אויפן ווארש. פאָליצם.
86. נ. סלאָנימסקי. „צאר ראספוטין״.
87. י. יוסיפאָוו. ווי אזוי מיר האָבן דערהרגעט ראספוטינען?
88. א. ביילין. די געהיימנישן פון דייטשען שפיאָנאָזש.
89. נ. סלאָנימסקי. פראָוואָקאטאָר דעגאָיעוו.
90. מ. קאראָלין. סטאלין (צווייטער טייל).
91. ש. קעלסאָן. אדאָלף היטלער, דער פאלנדער שטערן.
92. נ. סלאָנימסקי. בו וך שולמאנס אטענטאט.
93. ס. ווייז. די יידישע מלוכה פון די כוזעים.
94. ג. סלאָנימסקי. דאָס טראגישע לעבן פון אדאָם מיצקעוויטש.
95. ק. ווארשאווסקי. די סודות פון שליסלבורגער פעסטונג.
96. ק. ווארשאווסקי. פראָצעס פון גראף באָגדאן ראָניקער.
97. ק. ווארשאווסקי. ראניקערס פראָצעס (צווייטער טייל.
98. נ. סלאָנימסקי. דער מארטירער וועג פון סאקי־ווינצענטי.
99. ר. קאפעלמאן. דאָס פאָלק פון צאריזם (פעברואר 1917).
100. ז. קאראָלין. אבראהאם לינקאָלן, דער באפרייער פון די שווארצע שקלאפן.